די בילדער און די צייכנונגען מיינען נישט צו ווייזען דעם
אויסקוק פון די תנאים און די אמוראים ח"ו. זיי זענען
געצייכנט געווארן נאר צועפענען די געפילן פון יוגנד.

מ. גץ

# בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ



אִין דִי װֶעגְן
פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

## דֶער לֶעבְּן אוּן שַׁאפְן פוּן דִי
## הֵיילִיגֶע תַּנָאִים אוּן אָמוֹרָאִים

װִי דִי חֲזַ״ל דֶערְצֵיילְן
בַּאלֵייט מִיט בִּילְדֶער אוּן צֵייכְנוּנְגֶען

אוֹיסְגֶעאַרְבֶּעט פַארְן יוּגְנְד
אָן קֵיינֶע צוּגַאבְּ׳ן

דוּרְךְ



## מנחם גץ



דריטער באנד



ירושלים תשל״ט

## א הסכמה בריוו פון דעם ירושלים׳ער רב און דעם בית־דין־צדק שליט״א

פעיה״ק ירושלם ת״ו יום כ״ט לחדש מנ״א שנת תשל״ט

היה למראה עינינו הספר החשוב בשם ״בדרכי אבותינו״
שחיבר האי גברא יקירא חכם וסופר הרה״ג ר׳ **מנחם מענדל גערליץ** שליט״א.
והוא ליקוט מסיפורי חז״ל בש״ס ובמדרשים ובזוה״ק.

**ראוי הספר להיות כספר חינוך לילדי ישראל לתורה ויראת שמים ומדות טובות.**

וכבר אתמחי גברא בהוצאות ספרים חשובים
אף ידינו תכון עמו ויפוצו מעינותיו החוצה
לזכות את הרבים ויביאו הברכה לביתם

הכו״ח בר״כ וברכה הביד״צ דפעיה״ק ת״ו

**נאם משה ארי׳ פריינד** — **נאם ישראל משה** בלאאמו״ר הגה״ק מהרי״צ זצוק״ל **דושינסקיא**

**נאם ישראל יעקב פישר** — **נאם בנימין ראבינאוויטץ**

בס״ד

דברי הרבנים הגאונים חברי הבד״צ שליט״א.
א״צ חיזוק ולמותר באתי ג״א על החתום להסכים לכל הנ״ל

**יצחק יעקב ווייס**
אב״ד פעיה״ק ת״ו

---



ב״ה
בית דין צדק לכל מקהלות האשכנזים
ע״י העדה החרדית פעיה״ק
פעיה״ק ירושלם תובב״א
ת. ד. 5006

BETH DIN ZEDEK
OF THE ORTHODOX
JEWISH COMMUNITY
JERUSALEM, P.O.B. 5006

# אינהאלט:

## דריטער טייל

## רַבִּי אֶלְעָזָר בְּרַבִּי שִׁמְעוֹן:

רַבִּי אֶלְעָזָר בְּרַבִּי שִׁמְעוֹן (ג״א תת״ק) אִיז גֶערֶעכְנְט אִין דֶעם פִינְעפְטְן דוֹר פוּן תַּנָאִים. עֶר אִיז גֶעוֶועןְ אַ תַּלְמִיד פוּן זַיין פָאטֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן בַּר יוֹחַאי, אַ חָבֵר פוּן רַבִּי יְהוּדָה הַנָשִׂיא, אוּן אֵיידֶעם פוּן דֶעם תַּנָא רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹסֵי בֶּן לְקוּנְיָא. עֶר אִיז גֶעוֶועןְ גֶערֶעכְנְט פוּן דִי הוֹיפְּט־שַׁאפֶערְס אִין תּוֹרַת הַסוֹד, צוּזַאמֶען מִיט זַיין פָאטֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן.

אַמָאל אִין אַ קְרִיג אִין הֲלָכָה מִיט רַבִּי יְהוּדָה הַנָשִׂיא, הָאט עֶר זִיךְ אוֹיסְגֶעדְרִיקְט: ״אִיךְ הָאבּ בַּאדִינְט מַיין פָאטֶער שְׁטֶייעֶנְדִיג, וָואס דוּ הָאסְט נִישְׁט בַּאדִינְט דַיין רַבִּי׳ן זִיצְנְדִיג״. (ירושלמי שבת פ״י ה״ה)

נָאךְ זַיין פָאטֶערְ׳ס פְּטִירָה הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט בַּיי רַבָּן שִׁמְעוֹן בֶּן גַמְלִיאֵל, אוּן בַּיי רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן קָרְחָה. זַיין רַבִּי הָאט זִיךְ אַמָאל אוֹיסְגֶעדְרִיקְט אוֹיף אִיהם: ״אַ לֵייבּ, דֶער זוּן פוּן אַ לֵייבּ״ (בבא מציעא פ״ד). עֶר אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועןְ אַ ״פַּיְטָן״ (פַארְפַאסֶער פוּן פִּיוּטִים), אוּן אַ מְחַבֵּר פוּן תְּפִילוֹת (שיר השירים רבה פ״ג ה׳). עֶס אִיז דָא אַ מֵיינוּנְג אַז דֶער בַּאוואוּסְטֶער פַּיְיטָן רַבִּי אֶלְעָזָר הַקַלִיר אִיז רַבִּי אֶלְעָזָר בֶּן רַבִּי שִׁמְעוֹן.



קבר התנא רבי אלעזר ברבי שמעון

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

# רַבִּי אֶלְעָזָר בְּרַבִּי שִׁמְעוֹן

## א

די גְרוֹיסֶע בַּר־מִצְוָה

אִין דֶעם טָאג וָואס רַבִּי אֶלְעָזָר אִיז בַּר־מִצְוָה גֶעוָוארְן, הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זַיין טַאטֶע צוּגֶעגְרֵייט אַ גְרוֹיסֶע סְעוּדָה, אוּן הָאט אוֹיסְגֶעפּוּצְט דִי גַאנְצֶע שְׁטוּבּ מִיט טַייעֶרֶע כֵּלִים. צוּ דִי סְעוּדָה הָאט עֶר גֶעלַאדְנְט דִי תַּנָּאִים פוּן זַיינֶע חֲבֵרִים אוּן הָאט זֵיי גֶעזֶעצְט בַּיי אֵיין זַייט אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט בַּיים אַנְדֶערְן זַייט.

רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז בַּיי דִי סְעוּדָה גֶעוֶוען זֵייעֶר אִין אַ גֶעהוֹיבֶּענֶעם שְׁטִימוּנְג. הָאבְּן אִיהם דִי חֲכָמִים גֶעפְרֶעגְט, פַארְוָואס אִיז דֶער רַבִּי הַיינְט אַזוֹי פְרֵיילַאךְ מֶער וִוי אִין אַנְדֶערֶע טֶעג? הָאט עֶר זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט וַוייל אִין דֶעם הַיינְטִיגְן טָאג וֶועט אַרָאפּ

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

קומֶען צו מַיין זון רַבִּי אֶלְעָזָר אַ הֶעכֶערֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה אויף פִיר פְלִיגְלֶען. אִיז בַּיי אַזַא סְעוּדָה הָאב אִיךְ אַ גַאנְצֶע שִׂמְחָה. הָאט עֶר גֶעזֶעצְט זַיין זון רַבִּי אֶלְעָזָר'ן לֶעבְּן אִים, און הָאט אִיהם גֶעזָאגְט: זִיץ מַיין זון, זִיץ. וַוייל פון הַיינְטִיגְן טָאג וֶועלְסְטוּ גְיהֵיילִיגְט און דו וֶועסְט וֶוערְן גְירֶעכְנְט צְווִישְׁן דִי הֵיילִיגֶע לַייט.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן דַאן גֶעזָאגְט גֶעווִיסֶע וֶוערְטֶער, און בַּאלְד הָאט אַרוּמְגֶענוּמֶען דִי שְׁטוּב אַ פַייעֶר פון הִימְל. און דִי חֲכָמִים הָאבְּן גֶעזֶען ווִי אַ רויךְ גֵייט אַרוֹיס פון שְׁטוּב דֶעם גַאנְצְן טָאג.

וֶוען זֵיי זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען וואוּנְדֶערְדִיג זִיךְ צוּגֶעקוּקְט צו דֶעם רוֹיךְ, אִיז אוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען צו דֶעם פְּלַאץ רַבִּי יוֹסֵי, און הָאט זֵיי גֶעפְרֶעגְט: "וָואס זֶעט אִיהר דָא?" הָאבְּן זֵיי אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: "גִיבּ נָאר אַ קוּק, הָאט דֶער רוֹיךְ קוּמְט אַרוֹיף פון

## בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

אַ פֵּייעֶר פוּן אוֹיבְן, וַוייל הַיינְט קְרוֹינְט מֶען רַבִּי אֶלְעָזָר׳ן מִיט אַ הֵיילִיגְן קְרוֹין״. דַאן הָאבְּן דִי חֲכָמִים גֶעזֶעהן וִוי פִּיר פְּלִיגְלֶען פוּן אַ אָדְלֶער לָאזְן זִיךְ אַרָאפּ אִין דֶעם פַּייעֶר וָואס הָאט אַרוּמְגֶענוּמֶען רַבִּי אֶלְעָזָר׳ן מִיט זַיין טַאטְן רַבִּי שִׁמְעוֹן.

רַבִּי יוֹסֵי אִיז דָארְטְן גֶעשְׁטַאנֶען אוּן צוּגֶעוַוארְט בִּיז דֶער פַּייעֶר אִיז אַוֶועק. נָאכֶער אִיז עֶר אַרַיין צוּ זֵיי, אוּן הָאט גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן׳עֶן: ״זָאל דִי דָאזִיגֶע שִׂמְחָה שׁוֹין זַיין אַ גַאנְצֶע״.

הָאט אִיהם רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט: ״וָואס מֵיינְסְטוּ דֶערְמִיט צוּזָאגְן?״ הָאט אִיהם רַבִּי יוֹסֵי גֶעעֶנְטְפֶערְט: ״אִיךְ מֵיין צוּ דִיר בֶּעטְן זִיךְ צוּ מְשַׁדֵךְ זַיין אוּן גֶעבְּן הַיינְט מַיין טָאכְטֶער צוּ דַיין זוּן רַבִּי אֶלְעָזָר!״

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ אָנְגֶערוּפְן: ״גֶעווִיס וֶועט אַזוֹי זַיין!״

## בדרכי אבותינו

הָאט מֶען גֶעלָאזְט רוּפְן דִי חֲכָמִים און מֶען הָאט גִיעֶנְדִיגְט דֶעם שִׁידוּךְ.

נָאכְדֶעם זַיינֶען זֵיי נָאךְ פַארְבְּלִיבְּן דְרַיי טֶעג און גֶעהָארְוֶועט דָארְטְן אִין תּוֹרָה.

דֶערְצֵיילְן דִי חֲכָמִים, אַז רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט דַאן נִישְׁט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט קַיין אֵיין פֶערְבָּארְגֶענֶעם דִין פוּן דִי מִשְׁנָה וָואס עֶר הָאט נִישְׁט גֶעלֶערְנְט מִיט זֵיי*

### ב

גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה פוּן אֵלִיָהוּ'ן

רַבִּי אֶלְעָזָר, דֶער זוּהן פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי, הָאט אִין זַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרְן נִישְׁט גֶעוָואלְט לֶערְנֶען תּוֹרָה.

עֶר הָאט בֶּעסֶער גֶעוָואלְט זִיךְ פַארְדִינְגֶען צוּ טְרָאגְן מַשָּׂאוֹת פַאר מֶענְטְשְׁן אוֹיף זַיינֶע אַקְסְלֶען, וִוי צוּ אוּנְטֶערְבּוֹיגְן זַיינֶע אַקְסְלֶען פַאר דֶעם יָאךְ פוּן תּוֹרָה.

* זהר חדש בראשית יד.

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

עֶר איז גֶעוֶוען שְׁטַארְק און קְרֶעפְטִיג און עֶר הָאט זֶעהר פִיל גֶעגֶעסְן.

אַמָאל זֶענֶען גֶעקוּמֶען אִין זַיין שְׁטָאט אֵייזְל־טְרַייבֶּערְס וֶועלְכֶע הָאבְּן גֶעוָואלְט אַרִיבֶּערְפִירְן מֶעל פוּן דָארְט אִין דִי נָאהֶנְטֶע דֶערְפֶער, זֶענֶען זֵיי פַארְבַּייגֶעגַאנְגֶען דִי שְׁטוּבּ פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹנֶ׳ען.

הָאבְּן זֵיי גֶעזֶעהן ווִי זַיין וַוייבּ שְׁטֶעהט און בַּאקְט בְּרוֹיט אִין אוֹיוְן און נֶעבְּן אִיהר זִיצְט אֶלְעָזָר און עֶסְט, יֶעדְן בְּרוֹיטְל וָואס זִי הָאט פוּן אוֹיוְן אַרוֹיסְגֶענוּמֶען הָאט עֶר אוֹיפְן אָרְט אוֹיפְגֶעגֶעסְן, בִּיז עֶס אִיז שׁוֹין נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן מֶעהר קֵיין טֵייג אִין דֶער קְנֶעט־פַּיילֶע, און דֶער אוֹיוְן אִיז גֶעוֶוען לֵיידִיג.

הָאט זִיךְ אֵיינֶער פוּן דִי אֵייזְל־טְרַייבֶּערְס אָנְגֶערוּפְן און גֶעזָאגְט:

”עֶס אִיז נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ נָאר אַז אַ

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

שְׁלֶעכְטֶער שְׁלַאנְג לִיגְט אִין דִי גֶעדֶערִים פוּן דָאזִיגְן יוּנְג״...

״סְ׳זֶעהט אוֹיס אַז אָט דֶער אִיז נִישְׁט גֶעבָּארְן גֶעוָוארְן נָאר כְּדֵי צוּ בְּרֶענְגֶען אַ הוּנְגֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט״... — הָאט אַ צְוֵוייטֶער זִיךְ אָנְגֶערוּפְן.

דָאס הָאבְּן זֵיי גֶערֶעדְט צְוִוישְׁן זִיךְ, אָבֶּער אֶלְעָזָר הָאט זֵייעֶרֶע רֵייד גוּט גֶעהֶערְט אוּן עֶר הָאט שׁוֹין גֶעוואוּסְט וָואס צוּ טְהוּן זֵיי.

וֶוען זֵיי הָאבְּן אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דָארְט זֵייעֶרֶע אֵייזְלֶען אוּן זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען בְּרֶענְגֶען זֵייעֶר סְחוֹרָה אַרוֹיפְצוּלָאדְן אוֹיף דִי אֵייזְלֶען, הָאט אֶלְעָזָר גֶענוּמֶען דִי אֵייזְלֶען אוֹיף זַיינֶע אַקְסְלֶען אוּן עֶר הָאט זֵיי אַרוֹיפְגֶעפִירְט אֵיינֶעם אֵיינֶעם אוֹיפְן דַאךְ־בּוֹידֶעם.

וֶוען דִי אֵייזְל־טְרַייבֶּערְס זֶענֶען צוּרִיקְגֶעקוּמֶען מִיט זֵייעֶר סְחוֹרָה אוּן הָאבְּן

נִישְׁט גֶעפוּנֶען זֵייעֶרֶע אֵייזְלֶען, הָאבְּן זֵיי גֶעמַאכְט אַ גֶעשְׁרֵיי אַז מְ׳הָאט זֵיי צוּגֶעגַנְבֶ׳ט זֵייעֶרֶע אֵייזְלֶען.

אָבֶּער דָא הָאט אֵיינֶער פוּן זֵיי אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן זַיינֶע אוֹיגְן אִין דֶער הוֹיף, הָאט עֶר דֶערְזֶעהן דִי אֵייזְלֶען אִין דַאךְ־בּוֹידֶעם הָאבְּן זֵיי פַארְשְׁטַאנֶען אַז דָאס אִיז דִי מַעֲשֶׂה פוּן אֶלְעָזָרְ׳ן, וָוארוּם וֶוער אַ אַנְדֶערֶער הָאט עֶס אַזַא קְרַאפְט צוּ נֶעמֶען אַ אֵייזְל אוֹיף דִי אַקְסְלֶען אוּן אַרוֹיפְטְרָאגְן אוֹיפְן בּוֹידֶעם?

זֶענֶען זֵיי אַרַיין צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹנֶע׳ן אִין שְׁטוּבּ אוּן הָאבְּן אִיהם דֶערְצֶעהלְט וָואס זַיין זוּהן הָאט זֵיי גֶעטְהוּן.

"אוּן פַארְוָואס הָאט עֶר עֶס אַייךְ גֶעטוּן? — הָאט זֵיי רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט — צוּ הָאט אִיהר נִישְׁט אִיהם מִיט עֶפֶּעס בַּאלֵיידִיגְט?"

"נֵיין — הָאבְּן זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט — מִיר הָאבְּן בְּלוֹיז צְוִוישְׁן זִיךְ גֶערֶעדְט,

וואונדערנדיג זיך אויף זיין גרויסן כח אין עסן, איינער האט געזאגט אז א שלעכטער שלאנג ליגט אין זיינע געדערים... און א צווייטער האט געזאגט אז ער איז געקומען ברענגען א הונגער אויף דער וועלט... אבער מיר האבן נישט געמיינט אז אונזערע רייד זאלן אנקומען צו זיינע אויערן"...

"און פארוואס האט איהר אזעלכעס אויף בלויז צווישן זיך גערעדט? — האט זיי רבי שמעון ווייטער געפרעגט — צו דען עסט ער פון אייערס? דער באשעפער וואס האט איהם באשאפן האט אויך באשאפן זיין עסן וואס ער באדארף, יעצט געהט און בעט ביי איהם מחילה און זאגט איהם אין מיין נאמען אז ער זאל אייך אראפברענגען די אייזלען".

האבן זיי אזוי געטהון און אלעזר האט זיי אראפגעטראגן זייערע אייזלען.

אבער אנשטאט וואס פריער האט ער

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

זֵיי אַרוֹיפְגֶעפִירט אֵיינֶעם אֵיינֶעם הָאט עֶר זֵיי יֶעצְט צְוֵויי צְוֵויי אִין אַמָאל אַרָאפְּגֶעפִירְט, אוּן אַלֶע זֶענֶען גֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאבְּן זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט אָפְּוואוּנְדֶערְן, זֵיי הָאבְּן נָאךְ אַזַא גְבוּרָה בַּיי אַ מֶענְטְשְׁן נִישְׁט גֶעזֶעהן.

★

אִין אַ טָאג הָאט זִיךְ גֶעווִיזְן פַאר אֶלְעָזָר'ן אֵיינֶער אַ אַלְטֶער מַאן אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט:

"גְרֵייט מִיר צוּ אַ אֵייזְל אוּן פִיר מִיר מִיט מַיין מַשָׂא צוּ דֶעם אָרְט וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגְן".

דֶער אַלְטֶער אִיז גֶעוֶוען אֵלִיָהוּ הַנָבִיא, אָבֶּער אֶלְעָזָר הָאט עֶס פַארְשְׁטֶענְדְלִיךְ נִישְׁט גֶעוואוּסְט הָאט עֶר זִיךְ צוּלַאכְט אוּן גֶעזָאגְט:

"אַ אֵייזְל ווִילְסְטוּ אַז אִיךְ זָאל דִיר

צוּגְרֵייטְן? ווִי שְׁוֶוער בִּיסְטוּ און ווִיפִיל וֶועגְט דַיין מַשָּׂא? אִיךְ נֶעם אַייךְ בֵּיידְן אוֹיף אֵיינֶעם פון מַיינֶע אַקְסְלֶען און טְרָאג אַייךְ אַזוֹי בִּיזְן עֶק וֶועלְט".

און אֶלְעָזָר הָאט גֶענוּמֶען דֶעם אַלְטְן מִיט זַיין מַשָּׂא אוֹיף זַיינֶע אַקְסְלֶען און עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אַוואוּ דֶער אַלְטֶער הָאט אִיהם גֶעווִיזְן.

זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי אַ וַוייטֶע שְׁטְרֶעקֶע, אִיבֶּער בֶּערְג און טָאלְן, אִין פּוּסְטֶע פֶעלְדֶער און אִיבֶּער פֶעלְזְן, צְווִישְׁן בּוֹימֶער און שְׁטֶעכִיגֶע גֶעווִיקְסְן, אָן אָפְּרוּה, און אֶלְעָזָר אִיז אַלְץ נִישְׁט מִיד גֶעוָוארְן.

מִיט אַמָאל הָאט אֵלִיָהוּ זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁוֶוער מַאכְן אוֹיף זַיין רַייט־מֶענְטְשׁ, און אֶלְעָזָר הָאט בַּאלְד דֶערְפִילְט אַז עֶר קֶען מֶעהר נִישְׁט גֶעהן מִיט זַיין שְׁוֶוערֶע מַשָּׂא הָאט עֶר גֶעזָאגְט אִין צָארְן:

"אַלְטֶער, אַלְטֶער! דוּ קֶענְסְט זִיךְ גְרִינְג

מַאכְן ווִי פְרִיעֶר? וָואָרוּם וֶועְן נִישְׁט וַוארְף אִיךְ דִיר אַרָאפּ פוּן מִיר צוּזַאמֶען מִיט דַיין מַשָׂא!"

"אֶפְשָׁר ווִילְסְטוּ זִיךְ אַבִּיסְל אָפְּרוּהֶען אוּן דֶערְפְרִישְׁן דַיין כֹּחַ? — הָאט דֶער אַלְטֶער אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט — וַוייל דִי וֶועג אִיז נָאךְ אַ וַוייטֶע אוּן אַ שְׁוֶוערֶע".

"יָא" — הָאט אֶלְעָזָר גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּן עֶר הָאט בַּאלְד אַרָאפְּגֶעלָאזְן פוּן זַיינֶע אַקְסְלֶען דֶעם אַלְטְן מִיט זַיין מַשָׂא.

זֵיי הָאבְּן זִיךְ בֵּיידֶע גֶעזֶעצְט אוּנְטֶער אַ בְּרֵייט פַארְצְוַוייגְטְן בּוֹים וָואס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִין פֶעלְד, אוּן אֶלְעָזָר הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן זַיין טַאשׁ בְּרוֹיט מִיט קֶעז אוּן אַ קְרִיגְל וַויין, אוּן עֶר הָאט אוֹיךְ גֶעגֶעבְּן דֶעם אַלְטְן דֶערְפוּן, אוּן זֵיי הָאבְּן גֶעגֶעסְן אוּן גֶעטְרוּנְקֶען.

נָאכְן עֶסְן הָאט אֶלְעָזָר גֶעזָאגְט צוּם

אַלְטְן: ״אִיךְ הָאבּ מַיינֶע כֹּחוֹת דֶערְפְּרִישְׁט, לָאמִיר וַוייטֶער פָּארְזֶעצְן אוּנְזֶער וֶועג״.

״אֶלְעָזָר, אֶלְעָזָר! — הָאט דֶער אַלְטֶער אִין אַ וֵוייךְ צַארְטֶע שְׁטִים זִיךְ אָנְגֶערוּפְן — צוּ וָואס טוֹיג דִיר דִי דָאזִיגֶע שְׁוֶוערֶע אַרְבֶּעט? אִיז דֶען נִישְׁט בֶּעסֶער פַאר דִיר אַז דוּ זָאלְסְט זִיךְ זֶעצְן לֶערְנֶען תּוֹרָה און וֶוערְן וִוי דַיין פָּאטֶער?״

״אִיךְ הָאבּ דָאךְ אָבֶּער קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעלֶערְנְט קֵיין תּוֹרָה, אִיז וִוי וֶועל אִיךְ עֶס אִיצְטֶער קֶענֶען לֶערְנֶען?״ — הָאט אֶלְעָזָר גֶעעֶנְטְפֶערְט אִין גְרוֹיס צַעַר.

עֶר הָאט דֶערְבַּיי גוּט אָנְגֶעקוּקְט דֶעם אַלְטְן און עֶר הָאט גֶעזֶעהן וִוי זַיין פָּנִים שַׁיינְט אִין אַ הִימְל־שַׁיין.

״דוּ הָאסְט נָאכְנִישְׁט פַּארְשְׁפֶּעטִיגְט — הָאט אֵלִיָהוּ גֶעעֶנְטְפֶערְט — שְׁטֶעה אוֹיף און הוֹיבּ אָן לֶערְנֶען!״

„און דו װעסט מיט מיר לערנען?" — האט אלעזר געפרעגט.

„יא", — האט אליהו געענטפערט.

און פון דאן אן פלעגט אליהו הנביא קומען צו איהם יעדן טאג לערנען תורה.

דרייצעהן יאהר האט אליהו געלערנט תורה מיט איהם, ביז ער איז אויסגעוואקסן דער גרויסער און הייליגער תנא רבי אלעזר ברבי שמעון.*

ג

דער פקדון איז אפגעגעבן געװארן

רבי אלעזר ברבי שמעון איז אמאל געגאנגען אין װעג צוזאמען מיט זיינע חברים די חכמים.

דער טאג איז דאמאלס געװען א הייסער און די זון האט געגליעט אויף זייערע קעפ װי א פייער, האבן זיי אלע

* שיר השירים רבה ה. פסיקתא דרב כהנא ד,ב.

גְרוֹיס צַעַר גֶעהַאט פוּן דִי הִיץ וָואס הָאט גֶעבַּאקְן דִי לוּפְט.

אָבֶּער אָט הָאבְּן זֵיי אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן זֵייעֶרֶע אוֹיגְן אוּן הָאבְּן דֶערְזֶעהְן פַּאר זִיךְ אַ שֶׁעהְנֶעם פֶּעלְד וָואס אִיז בַּאדֶעקְט גֶעוֶוען מִיט טֶעפִּיכֶער פוּן פְרִישֶׁע גְרָאזְן, אַיינְגֶעפְלַאנְצְט מִיט גוּטֶע בּוֹמֶער וָואס זֵייעֶרֶע גְרוֹיסֶע צְוַוייגְן הָאבְּן פַארְשְׁפְּרֵייט אַ בְּרֵייטְן שָׁאטְן, אוּן קִילֶע וַואסֶער־קְוַואלְן הָאבְּן גֶעפְלָאסְן דָארְט אִין טָאל.

הָאבְּן זֵיי זִיךְ אַלֶע דָארְט גֶעקֶערְט אוּן הָאבְּן זִיךְ אַנִידֶער גֶעזֶעצְט אוּנְטֶערְן שָׁאטְן פוּן דִי בּוֹמֶער, אוּן רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט גֶעזָאגְט: ״וִוי שֶׁעהְן אִיז אָט דֶער אָרְט אוֹיף עוֹסֵק צוּ זַיין רוּהִיג אִין תּוֹרָה!״

אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבְּן זִיךְ נָאר אַוֶועקְגֶעזֶעצְט הָאבְּן זֵיי דֶערְזֶעהְן וִוי אַ גְרוֹיסֶער שְׁלַאנְג קוּמְט אוּן גֶעהט זֵיי פַארְבַּיי.

הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר אַ זָאג גֶעטְהוּן צוּם

שְׁלַאנְג: "שְׁלַאנְג, שְׁלַאנְג! קֶער צוּרִיק, וַוייל דֶער מֶענְטְשׁ וָואס דוּ גֶעהֶסְט אִיהם הַרְגְ'נֶען הָאט שׁוֹין תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן, עֶר הָאט חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיפְן זִינְד וָואס עֶר הָאט גֶעטהוּן אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען אוֹיף זִיךְ מֶעהר אַזַא שְׁלֶעכְטֶס נִישְׁט צוּ טְהוּן!"

הָאבְּן זִיךְ דִי חֲבֵרִים גֶעוואוּנְדֶערְט דָאס צוּ הֶערְן, אוּן רַבִּי אַבָּא (אֵיינֶער פוּן דִי חֲבֵרִים) הָאט גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי אֶלְעָזָר: "רַבִּי אִיךְ בֶּעט דִיר, דוּ זָאלְסְט מִיר זָאגְן וָואס אִיז דָא דִי זַאךְ מִיט דֶעם שְׁלַאנְג", הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעעֶנְטְפֶערְט: "שְׁוַוייגְט אִיצְטֶער, אִיךְ וֶועל אַייךְ שְׁפֶּעטֶער זָאגְן דִי זַאךְ".

אָבָּער דֶער שְׁלַאנְג אִיז זִיךְ וַוייטֶער גֶעגַאנְגֶען זַיין וֶועג, הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר ווִידֶער גֶעזָאגְט צוּ אִיהם: "שְׁלַאנְג, שְׁלַאנְג! נָאכְדֶעם וָואס מְ'הָאט דִיר גֶעזָאגְט פוּן הִימְל אוּן מְ'הָאט דִיר גֶעגֶעבְּן רְשׁוּת צוּ גֶעהן הַרְגְ'נֶען יֶענֶעם מֶענְטְשְׁן, הָאט יֶענֶער

חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף זַיין זִינְד אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען אוֹיף זִיךְ עֶס מֶעהר נִישְׁט צוּ טְהוּן, קֶער זִיךְ אַלְזָא צוּרִיק פוּן דַיין וֶועג!"

אִיז דֶער שְׁלַאנְג גֶעבְּלִיבְּן שְׁטֶעהְן, אוּן עֶר אִיז נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען נִישְׁט אַהִין אוּן נִישְׁט צוּרִיק, אָבֶּער נָאךְ אַ וַוייל שְׁטֶעהן הָאט עֶר ווִידֶער גֶענוּמֶען גֶעהן זַיין וֶועג ווִי פְרִיעֶר, הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר ווִידֶער גֶערֶעדְט צוּ אִיהם אוּן הָאט גֶעזָאגְט: "שְׁלַאנְג, שְׁלַאנְג! אִיךְ ווֵייס דַיין בַּאגֶער אוּן פַארְלַאנְג, קֶער צוּרִיק פוּן דַיין וֶועג וֶועסְטוּ טְרֶעפְן אַ גוֹי אַ רָשָׁע ווָאס הָאט שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן אֵיינֶעם אַ אִידְן אוּן עֶר לִיגְט יֶעצְט אִין דַיין מְעָרָה פוּן ווֶעלְכֶע דוּ בִּיסְט אַרוֹיס!"

ווִי דֶער שְׁלַאנְג הָאט דָאס דֶערְהֶערְט הָאט עֶר זִיךְ בַּאלְד אוֹיסְגֶעדְרֶעהט אוֹיף צוּרִיק אוּן עֶר הָאט גֶענוּמֶען שְׁנֶעל לוֹיפְן, בִּיז עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ דֶער מְעָרָה.

דַאן הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר זִיךְ גֶעקֶערְט צוּ

די חֲבֵרִים און גֶעזָאגְט: "יֶעצְט וֶועל אִיךְ אַייךְ זָאגְן וָואס דָא אִיז פָּארְגֶעקוּמֶען:

זַייט וִויסְן, מַיינֶע בְּרִידֶער און פְרַיינְד, אַז פוּן הִימְל הָאט מֶען אוּנְז דָא אַהֶער גֶעבְּרֶענְגְט, וָוארוּם וֶוען אִיךְ וָואלְט זִיךְ יֶעצְט דָא נִישְׁט גֶעפוּנֶען וָואלְט אָט דֶער שְׁלַאנְג אַ גְרוֹיס שְׁלֶעכְטְס גֶעטְהוּן.

דֶער אִיד וָואס אָט דֶער שְׁלַאנְג אִיז אִיהם גֶעגַאנְגֶען הַרְגְ'נֶען, הָאט גֶעטְהוּן אַ גְרוֹיסֶע עֲבֵירָה און סְ'אִיז אַרוֹיס אוֹיף אִיהם אַ גְזַר דִין פוּן הִימְל צוּ גֶעטוֹיט וֶוערְן, אִיז אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארְן דֶער שְׁלַאנְג אוֹיסְצוּפִירְן דֶעם גְזַר מִיתָה.

אָבֶער וִוי נָאר דֶער שְׁלַאנְג אִיז אַרוֹיס צוּ זַיין שְׁלִיחוּת הָאט דֶער אִיד חֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף זַיין זִינְד, עֶר הָאט חוֹזֵר גֶעוֶועזְן בִּתְשׁוּבָה שְׁלֵימָה און עֶר הָאט גֶענוּמֶען אוֹיף זִיךְ דָאס מֶעהר נִישְׁט צוּ טְהוּן, אִיז דֶער גְזַר מִיתָה אָפְּגֶערוּפְן

גֶעוָוארְן פוּן אִיהם אוּן זַיין לֶעבְּן אִיז נִיצָל גֶעוָוארְן".

הָאבְּן די חֲבֵרִים גֶעפְרֶעגְט רַבִּי אֶלְעָזָר'ן: "פוּן וַואנֶען הָאסְטוּ עֶס גֶעוואוּסְט אַוואוּ דֶער שְׁלַאנְג גֶעהט אוּן וָואס עֶר גֶעהט טְהוּן?"

הָאט עֶר זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט: "מַיין פָּאטֶער הָאט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן אַ סִימָן אִין אַזַא זַאךְ, אוּן זֶעהֶענְדִיג דֶעם שְׁלַאנְג אִין זַיין גַאנְג הָאבּ אִיךְ בַּאלְד דֶערְקֶענְט דֶעם סִימָן".

"אָבֶּער ווִי אַזוֹי הָאסְטוּ עֶס גֶעוואוּסְט אַז דֶער אִיד הָאט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אוֹיף זַיין זִינְד?" — הָאבְּן די חֲבֵרִים וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

"וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶן דֶעם שְׁלַאנְג — הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעעֶנְטְפֶערְט — זֶענֶען די שׁוּפְּן פוּן זַיין הוֹיט גֶעוֶוען אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוּן זַיין עֶק אִיז גֶעוֶוען

גֶענוֹיגְט אוֹיף אַרוֹיף, אוּן אַזוֹי וִוי עֶר אִיז גֶעלָאפְן אוֹיפְן וֶועג צוּ זַיין שְׁלִיחוּת אִיז אִיהם אַנְטְקֶעגְן גֶעקוּמֶען אַ גַייסְט פוּן הִימְל אוּן הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: קֶער צוּרִיק פוּן דַיין וֶועג וַוייל דֶער מֶענְטְשׁ הָאט תְּשׁוּבָה גֶעטְהוּן אוּן דֶער גְזַר מִיתָה אִיז פוּן אִיהם אָפְּגֶעשַׁאפְן גֶעוָוארְן.

אָבֶער דֶער שְׁלַאנְג הָאט זִיךְ נִישְׁט צוּגֶעהֶערְט צוּ דִי רֵייד פוּן דֶעם גַייסְט, וַוייל עֶר הָאט גֶעוָואלְט אַז מְ'זָאל אִיהם גֶעבְּן אַ אַנְדֶער מֶענְטְשְׁן צוּ הַרְגְ'נֶען אַנְשְׁטָאט יֶענֶעם, וָוארוּם דָאס אִיז דֶער שְׁטֵייגֶער פוּן דֶעם שְׁלַאנְג וֶוען מְ'גִיט אִיהם רְשׁוּת פוּן הִימְל צוּ הַרְגְ'נֶען אַ מֶענְטְשְׁן, רִירְט עֶר זִיךְ נִישְׁט פוּן זַיין שְׁלִיחוּת בִּיז עֶר הַרְגֶ'עט יֶענֶעם אָדֶער מְ'גִיט אִיהם אַ אַנְדֶערְן צוּ הַרְגְ'נֶען אַנְשְׁטָאט אִיהם, דֶען וִוייבַּאלְד אַז מְ'הָאט אִיהם גֶעגֶעבְּן רְשׁוּת צוּ מַזִיק זַיין

גֶעהט עֶר נִישְׁט אַרוֹיס לֵיידִיג פוּן זַיין שְׁלִיחוּת".

"אָבֶּער פוּן וַואנֶען הָאסְטוּ עֶס גֶעוואוּסְט — הָאבְּן דִי חֲבֵרִים ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט — צוּ זָאגְן דֶעם שְׁלַאנְג אַז עֶר זָאל צוּרִיקְגֶעהן צוּ זַיין מְעָרָה אוּן הַרְגְ'נֶען דֶעם גוֹי וָואס לִיגְט דָארְטְן?"

"וֶוען אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט צוּם שְׁלַאנְג — הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעעֶנְטְפֶערְט — אַז עֶר זָאל גֶעהן צוּרִיק אוּן עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוָואלְט, אִיז גֶעקוּמֶען צוּ מִיר דֶער גַייסְט וָואס אִיז גֶעוֶוען פַארְן שְׁלַאנְג אוּן עֶר הָאט מִיר דִי זַאךְ אַנְטְפְּלֶעקְט".

זֶענֶען דִי חֲבֵרִים שְׁטַארְק פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעוָוארְן צוּזֶעהנְדִיג דִי גְרוֹיסְקַייט פוּן רַבִּי אֶלְעָזָר'ן, דַאן הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעזָאגְט צוּ זֵיי: "קוּמְט לָאמִיר זִיךְ אוֹיפְהוֹיבְּן פוּן אוּנְזֶער אָרְט אוּן גֶעהן זֶעהן דִי מַעֲשֶׂה פוּן דֶעם שְׁלַאנְג, ווַייל עֶר הָאט שוֹין זַיין

שְׁלִיחוּת גֶעעֶנְדִיגְט אוּן גֶעטְהוּן וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט צוּ טְהוּן".

הָאבְּן זֵיי זִיךְ אַלֶע אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן פוּן זֵייעֶר אָרְט אוּן זֵיי זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען אוּן זֶענֶען צוּגֶעקוּמֶען צוּ דֶעם בַּארְג אַוואוּ דִי מְעָרָה אִיז גֶעוֶוען הָאבְּן זֵיי גֶעזֶעהן דָארְט ווִי יֶענֶער גוֹי לִיגְט טוֹיט אוּן דֶער שְׁלַאנְג אִיז אַרוּמְגֶעווִיקֶלְט אוֹיף זַיינֶע פִּיס, אַזוֹי אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אַהִין אוּן צוּרִיק, פוּן דִי פִּיס צוּם הַאלְז אוּן פוּן הַאלְז צוּ דִי פִּיס, אוּן עֶר הָאט זִיךְ פוּן אִיהם נִישְׁט אַוֶועקְגֶערִירְט.

אִיז רַבִּי אֶלְעָזָר צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם טוֹיטְן גוֹי, הָאט גֶעזוּכְט אִין זַיינֶע קֶעשֶׁענֶעס אוּן הָאט פוּן דָארְטְן אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ פוּלְן בַּייטְל גֶעלְד, דָאס אִיז גֶעוֶוען דֶער בַּייטְל גֶעלְד פוּן אַ אִידְן וָואס דֶער גוֹי הָאט גֶעטְרָאפְן אִין וֶועג אוּן עֶר הָאט אִיהם

גֶעשְׁלָאגְן און הָאט עֶס צוּגֶערוֹיבְּט פוּן אִיהם.

הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעזָאגְט: "גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, דֶער הַאר פוּן דֶער וֶועלְט, וָואס עֶר טְהוּט זַיין שְׁלִיחוּת דוּרְךְ אַלֶע זַיינֶע בַּאשֶׁעפֶענִישְׁן!"

דַאן הָאט עֶר גֶענוּמֶען מִיט זִיךְ דֶעם בַּייטְל גֶעלְד און זֵיי הָאבְּן זִיךְ אַלֶע צוּרִיקְגֶעקֶערְט צוּ זֵייעֶר אָרְט אִין פֶעלְד.

אַזוֹי וִוי זֵיי הָאבְּן זִיךְ נָאר אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט, הָאבְּן זֵיי גֶעזֶעהן וִוי ס'קוּמְט אָן אַ אִיד אַ פַארְמַאטֶערְטֶער פוּן וֶועג און פוּן דִי הִיץ און עֶר זֶעצְט זִיךְ אָפְּרוּהֶען אוּנְטֶער אַ בוֹים נִישְׁט וַוייט פוּן זֵיי, דֶער אִיד הָאט גֶענוּמֶען זִיפְצְן און שְׁרַייעֶן און וֵויינֶען, און עֶר הָאט גֶעזָאגְט: "צַדִיק הוּא ה' וְצַדִיק דִינוֹ! (גָאט אִיז גֶערֶעכְט און זַיין מִשְׁפָּט אִיז אַ גֶערֶעכְטִיגֶער).

## בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! מִיר אַהֶרְט נִישְׁט אַזוֹי דֶער צַעַר פוּן מַיין גוּף אוּן מַיין גֶעלְט־פַארְלוּסְט, דוּ בִּיסְט גֶעוִויס גֶערֶעכְט אוּן דַיין מִשְׁפָּט אִיז אֱמֶת, אוּן וֶוען נִישְׁט וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ פַארְשׁוּלְדִיגְט פַאר דִיר וָואלְט מִיר אַזוֹינְס נִישְׁט פַּאסִירְט, אָבֶּער מַיין גַאנְצֶער צַעַר אוּן גֶעוֵויין אִיז אִיבֶּער מַיין פָּאטֶער אוּן מוּטֶער וָואס זֵיי זֶענֶען שׁוֹין אַלְטֶע לַייט אוּן סְ'אִיז מִיר יֶעצְט נִישְׁט גֶעבְּלִיבְּן קַיין גֶעלְט מִיט וָואס זֵיי צוּ דֶערְנֶעהְרְן.

אוּן נָאךְ מֶעהר אִיז מַיין גֶעוֵויין אוּן צַעַר אִיבֶּער דֶעם בִּינְטְל גֶעלְט וָואס אִיז גֶעוֶועזְן אִין מַיין בַּייטְל, וָואס אִיז נִישְׁט גֶעוֶועזְן מַיינֶער נָאר אַ פִּקָדוֹן, וָואס מְ'הָאט מִיר אִיבֶּערְגֶעגֶעבְּן צוּ בְּרֶענְגֶען עֶס פַאר אֵיינֶעם אַ אָרֶעמַאן אוֹיף צוּ חֲתוּנָה מַאכְן זַיין טָאכְטֶער, אוּן יֶעצְט וֶועט זִי חָלִילָה דַארְפְן בְּלַייבְּן פַארְזֶעסְן!"

אִין דִי װעגן פון אונזערע עלטערן

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

ווִי רַבִּי אֶלְעָזָר און זַיינֶע חֲבֵרִים הָאבְּן דֶערהֶערְט דִי רֵייד פוּן דֶעם אִידְן, הָאבְּן זֵיי זִיךְ אַלֶע אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן און זֶענֶען צוּגֶעגַאנְגֶען אִיהם בַּארוּהִיגְן.

און רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט אִיהם אָנְגֶענוּמֶען בַּיים הַאנְט און גֶעזָאגְט: ״מַיין בְּרוּדֶער, גָאט׳ס פָארְכְטִיגֶער מַאן, זַיי נִישְׁט בַּאזָארְגְט און הָאבּ נִישְׁט קַיין צַעַר, דוּ בִּיסְט גֶעוִויס אַ פְרוּמֶער עֶרְלִיכֶער מַאן נָאכְדֶעם וָואס מִיר הָאבְּן גֶעזֶעהן דֶעם גְרוֹיסְן נֵס וָואס ה׳ בָּרוּךְ הוּא הָאט וֶועגן דִיר גֶעטְהוּן, אָט הָאסְטוּ דַיין בֵּייטְל גֶעלְט און קוּם מִיט אוּנְז און דוּ וֶועסְט זֶעהן וָואס דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט צוּלִיבּ דִיר גֶעטְהוּן״.

אִיז דֶער אִיד מִיטְגֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיי און זֵיי הָאבְּן אִיהם גֶעבְּרֶענְגְט צוּ דֶער מְעָרָה אַוואוּ דֶער גוֹי אִיז גֶעלֶעגְן טוֹיט.

הָאבְּן זֵיי גֶעזֶעהן ווִי דֶער שְׁלַאנְג אִיז נָאךְ אַלְץ אַרוּמְגֶעווִיקֶלְט אִיבֶּער אִיהם און

ער הערט נישט אויף צו טהון אין איהם זיינע גרויסע נקמות, איז דער איד געפאלן אויפן פנים צו דער ערד און ער האט אפגעגעבן לויבן און דאנקען פאר הקדוש ברוך הוא פאר דעם נס וואס ער האט צו איהם געטהון.

דערנאך האט ער זיך אויפגעהויבן פון דער ערד און ער האט געקושט די הענט פון רבי אלעזר'ן און זיינע חברים און האט געזאגט: "דער נס וואס דער אויבערשטער האט צו מיר געטהון איז געוויס נאר אין אייער זכות, ווארום איך ווייס אין מיר אז איך בין נישט ווערד צו אזא גרויסן נס, און יעצט זעהט אז מיינע רייד זענען ריכטיגע".

ער האט געעפנט דעם בייטל און האט ארויסגענומען פון דארט א בינטל געלט און געזאגט: "אט דאס איז דער בינטל פון דעם פקדון וואס דארויף איז מיין צער געווען מעהר פון אלעס", דאן האט ער

גְעוִויזְן פַּאר רַבִּי אֶלְעָזָר'ן דִי וואוּנְדְן אוֹיף זַיין קֶערְפֶּער, וָואס דֶער גוֹי הָאט אִיהם גֶעמַאכְט, וֶוען עֶר הָאט אִיהם גֶעשְׁלָאגְן אוּן צוּגֶערוֹיבְּט דָאס גֶעלְט.

הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזְן, אוּן דֶער אִיד אִיז פַאִרְהֵיילְט גֶעוָוארְן פוּן זַיינֶע וואוּנְדְן.

אָבֶער דֶער שְׁלַאנְג הָאט נָאךְ אַלְץ נִישְׁט אָפְּגֶעלָאזְט דֶעם טוֹיטְן קֶערְפֶּער פוּן דֶעם גוֹי אוּן עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט לֶעשְׁן זַיין נְקָמָה־דָארְשְׁט אִין אִיהם, הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר זִיךְ גֶעקֶערְט צוּם שְׁלַאנְג אוּן גֶעזָאגְט:

"שְׁלַאנְג, שְׁלַאנְג! אַלֶעס וָואס דוּ הָאסְט גֶעטְהוּן הָאסְטוּ וואוֹיל גֶעטְהוּן, דוּ הָאסְט בַּאוִויזְן דַיין גְבוּרָה אוּן דַיין גְרוֹיסְן כֹּחַ אִין דִי נְקָמוֹת וָואס דוּ הָאסְט גֶעטְהוּן אִין דֶעם גוֹי, אוּן יֶעצְט, גֶענוּג דִיר! גֶעה אוּן בַּאהַאלְט זִיךְ אִין דַיין מְעָרָה, אוּן אִיךְ בִּין

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

גוזר אויף דיר אַז מֶעהר זָאלְסְטוּ קֵיין שָׁאדְן נִישְׁט טְהוּן קֵיינֶע בַּאשֶׁעפֶּענִישְׁן!

הָאט דֶער שְׁלַאנְג בַּאלְד אָפְּגֶעלָאזְן דֶעם קֶערְפֶּער פוּן דֶעם גוֹי, הָאט אַרָאפְּגֶעבּוֹיגְן זַיין קָאפּ אוּן עֶר אִיז פַארְשְׁוואוּנְדְן גֶעוָוארְן אִין זַיין לָאךְ.

דַאן הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעזָאגְט צוּ דֶעם אִידְן: "יֶעצְט גֶעה צוּ צוּם גֶעהַרְגְ'טְן גוֹי אוּן זוּךְ אִין זַיין בּוּזֶעם, וֶועסְטוּ דָארְט גֶעפִינֶען נָאךְ אַ בַּייטְל גֶעלְט, אוּן דוּ זָאלְסְט עֶס נֶעמֶען אוּן בְּרֶענְגֶען צוּ אַ אִידְן וָואס דֶער נָאמֶען פוּן זַיין זוּהן אִיז שִׁמְעוֹן אוּן עֶר וואוֹינְט אִין דִי אוּן דִי שְׁטָאט.

דֶער בַּייטְל גֶעלְט אִיז שִׁמְעוֹנְ'ס, עֶר אִיז גֶעפָארְן אוֹיף אֵיין שִׁיף צוּזַאמֶען מִיטְן זוּהן פוּן אָט דֶעם גֶעהַרְגְ'טְן גוֹי, אוּן דֶער הָאט דֶעם בַּייטְל צוּגֶע'גַנְבֶ'עט בַּיי שִׁמְעוֹנֶ'ען אוּן עֶר הָאט עֶס גֶעגֶעבְּן זַיין פָּאטֶער דֶעם גֶעהַרְגְ'טְן וָואס לִיגְט דָא.

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

זָאלְסְטוּ אַלְזָא נֶעמֶען דֶעם בַּייטְל אוּן עֶס פִירְן צוּ יֶענֶעם אִידְן דֶער פָּאטֶער פוּן שִׁמְעוֹנֶ׳ען, אוּן דוּ זָאלְסְט אִיהם זָאגְן אַז עֶר זָאל עֶס הַאלְטְן בַּיי זִיךְ פַּאר זַיין זוּהן וֶועלְכֶער אִיז נָאךְ יֶעצְט אִין וֶועג אוּן עֶר וֶועט בְּקָרוֹב קוּמֶען צוּ אִיהם לְשָׁלוֹם, אוּן עֶר זָאל אָפְּגֶעבְּן דַאנְקֶען פַּאר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא וָואס עֶר הָאט אִיהם צוּרִיקְגֶעקֶערְט זַיין אֲבֵידָה״.

הָאט דֶער אִיד אַזוֹי גֶעטְהוּן, עֶר אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם פֶּגֶר פוּן גוֹי, הָאט אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט זַיין הַאנְט אִין זַיין בּוּזֶעם אוּן עֶר הָאט פוּן דָארְט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ בַּייטְל גֶעלְט.

דִי חֲבֵרִים זֶענֶען אַלֶע דֶערְשְׁטוֹינְט גֶעוָוארְן צוּזֶעהְנְדִיג דֶעם הֵיילִיגְן גַייסְט וָואס בַּאהֶערְשְׁט רַבִּי אֶלְעָזָר׳ן.*

* זוהר חדש פרשת בלק.

## בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

# ד

דֶער פָארְכְטִיגֶער בֶּעשְׁטַאנְד פוּן תְּחִיַת-הַמֵּתִים

רַבִּי יוֹסֵי אִיז אַמָאל אַיינְגֶעפַאלְן אִין אַ שְׁטַארְקֶע קְרֶענְק. אִיז רַבִּי אֶלְעָזָר זַיין אֵיידִים אִיהם גֶעגַאנְגֶען בַּאזוּכְן, אוּן מְבַקֵּר חוֹלֶה זַיין. מִיט אִיהם זַיינֶען מִיטְגֶעגַאנְגֶען רַבִּי אַבָּא אוּן נָאךְ חֲבֵרִים.

גֵייעֶנְדִיג אִין וֶועג, הָאבְּן דִי חֶבְרַיָא גֶעזֶעהְן וִוי אַ טוֹיבּ קוּמְט צוּפְלִיהֶען אוּן זָאגְט עֶפֶּעס צוּ רַבִּי אֶלְעָזָר'ן. אוּן בַּאלְד הָאבְּן זֵיי גִיהֶערְט וִוי רַבִּי אֶלְעָזָר וֶוענְדֶעט זִיךְ צוּ דִי טוֹיבּ אוּן זָאגְט אִיהר: "דוּ כָּשֵׁר'ע טוֹיבּ, גֵיי זָאג אִיהם אִיךְ מִיט דִי הֵיילִיגֶע חֶבְרַיָא קוּמֶען צוּ אִיהם. אוּן אַז בִּיז דְרַיי טֶעג וֶועט אַ נֵס מִיט אִיהם גֶעשֶׁעהְן. אוּן זָאג אִיהם אַז עֶר דַארְף גָאר נִישְׁט בַּאזָארְגְט זַיין וַוייל מִיר קוּמֶען צוּ אִיהם מִיט אַ פְרֵייד".

"אָבֶּער" — זָאגְט רַבִּי אֶלְעָזָר וִוידֶער

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

צוּ דִי טוֹיבּ — מַיין פְרֵייד אִיז נִישְׁט גַאנְץ, וַוייל עֶס וֶוייטִיגְט מִיר זֵייעֶר וָואס דֶער גְזַר־דִין אִיז אַרוֹיפְגֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן אוֹיף אַ אַנְדֶערְן מִיטְ'ן נָאמֶען יוֹסֵי וָואס אִיז אַ פוֹלֶער מִילְגְרוֹים (ד.ה. אַ צַדִיק וָואס אִיז פוֹל מִיט תּוֹרָה אוּן מַעֲשִׂים טוֹבִים אַזוֹי וִוי אַ מִילְגְרוֹים)".

אַזוֹי וִוי רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט גִיעֶנְדִיגְט רֶעדְן צוּ דִי טוֹיבּ, אִיז דִי טוֹיבּ אַוֶועק גֶעפְלוֹיגְן אוּן דִי גַאנְצֶע חֶבְרַיָא הָאבְּן מַמְשִׁיךְ גֶעוֶועוְן אִין זֵייעֶר וֶועג.

הָאט רַבִּי אַבָּא גֶעפְרֶעגְט רַבִּי אֶלְעָזָר'ן: "וָואס אִיז דֶער בֶּעדַייט פוּן דִי גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער וָואס מִיר הָאבְּן דָא גֶעזֶעהן?"

הָאט אִיהם רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעעֶנְטְפֶערְט: "דִי טוֹיבּ אִיז גֶעקוּמֶען צוּ מִיר מִיט אַ שְׁלִיחוּת פוּן מַיין שְׁוֶוער רַבִּי יוֹסֵי וָואס לִיגְט קְרַאנְק. אוּן פוּן דִי טוֹיבּ הָאבּ אִיךְ זִיךְ דֶערְוואוּסְט אַז עֶר אִיז נִיצָל גֶעוָוארְן פוּן

דֶעם גְזַר־דִין. נָאר מֶען הָאט דָאס אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אוֹיף אַ צְוֵוייטְן". "יֶעצְט" — הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר זִיךְ גֶעוֶוענְדֶעט צוּ דִי חֶבְרַיָא — "לָאמִיר גֵיין אוּן טָאן חֶסֶד מִיט אַ מִילְגְרוֹים וָואס אִיז פוּל גֶעוֶוען מִיט אַלְדִינְגְס. זַיין נָאמֶען אִיז רַבִּי יוֹסֵי דִפְּקִיעִין, וָואס אִיז אַוֶועק פוּן דֶער וֶועלְט אוּן הָאט נִישְׁט וֶוער עֶס זָאל זִיךְ בַּאשֶׁעפְטִיגְן מִיט אִיהם".

דִי חֶבְרַיָא הָאט זִיךְ בַּאלְד אָפְּגֶעקֶערְט פוּן זֵייעֶר וֶועג, אוּן גֶעגַאנְגֶען קַיין פְּקִיעִין. אַז זֵיי זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין פְּקִיעִין, זַיינֶען זֵיי אַרַיין אִין דִי שְׁטוּבּ וואוּ דָאס בֶּעט פוּן רַבִּי יוֹסֵי דִפְּקִיעִין אִיז גֶעשְׁטַאנֶען.

אִין דִי שְׁטוּבּ הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען רַבִּי יוֹסֵי'ס אַ קְלֵיין קִינְד, וָואס הָאט נִישְׁט צוּגֶעלָאזְט קֵיינֶעם צוּ דִי בֶּעט פוּן זַיין פָּאטֶער. דֶער קִינְד אַלֵיין אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַרִיבֶּערְגֶעבוֹיגְן אִיבֶּער זַיין טַאטְן, בַּאהֶעפְטְ

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

אַ מוֹיל צוּ אַ מוֹיל אוּן הָאט יַאמֶערְלִיךְ גֶעוֵויינְט. אַ תְּפִלָּה צוּם הִימְל אִיז גֶעוֶוען אִין זַיין מוֹיל, אוּן הָאט גֶעזָאגְט:

"בַּאשֶׁעפֶער פוּן דֶער וֶועלְט: דִי תּוֹרָה בַּאפֶעלְט, אַז אֵיינֶער בַּאגֶעגְנְט אַ נֶעסְט פוּן אַ פוֹיגְל וֶוען דִי מַאמֶע לִיגְט אוֹיף אִירֶע קְלֵיינֶע עוֹפַ'אלַךְ טָאר עֶר נִישְׁט צוּנֶעמֶען דִי מַאמֶע פוּן אִירֶע קִינְדֶער".

"רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!" — הָאט דֶער קִינְד בִּיטֶערְלִיךְ אוֹיסְגֶערוּפְן — "זַיי דוּ אוֹיךְ מְקַיֵים הָאט דֶעם בַּאפֶעל פוּן דִי תּוֹרָה!"

"צְוֵויי קִינְדֶער זַיינֶען מִיר גֶעוֶוען צוּ אוּנְזֶער טַאטֶע מַאמֶע, אִיךְ אוּן מַיין קְלֶענֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער. אוּנְזֶער מַאמֶע'ן הָאסְטוּ שׁוֹין צוּגֶענוּמֶען פוּן אִיהרֶע קִינְדֶער, וֶוען זִי אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן, אִיז דֶער טַאטֶע גֶעבְּלִיבְּן אוּנְזֶער שִׁיצֶער, אוּן יֶעצְט הָאסְטוּ אִיהם אוֹיךְ אַוֶועק גֶענוּמֶען פוּן זַיינֶע

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

קִינְדֶער. גֶעוַואלְד, אַוואוּ אִיז דֶער דִין פוּן דִי תּוֹרָה?!״

רַבִּי אֶלְעָזָר אוּן דִי חֶבְרַיָא, הֶערְנְדִיג דֶעם יַאמֶערְלִיכְן גֶעוֵויין פוּן דֶעם קִינְד, הָאט דָאס זֵיי זֵייעֶר בַּארִירְט, אוּן זֵיי הָאבְּן אוֹיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ וֵויינֶען. אוּן רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפְן, אַז דִי רֵייד פוּן דֶעם קִינְד אוּן זַיינֶע טְרֶערְן בַּאנֶעמֶען אִיהם אַזוֹי אַז עֶר קֶען דָאס נִישְׁט דֶערְטְרָאגְן.

אַזוֹי זִיצְנְדִיג הָאבְּן זֵיי גִיהֶערְט אַ אוֹיסְרוּף פוּן הִימְל וָואס רוּפְט אוֹיס: ״וואוֹיל אִיז דִיר רַבִּי יוֹסֵי, וָואס דִי רֵייד פוּן הָאט דֶעם יוּנְגְן שֶׁעפַּאלֶע אוּן זַיינֶע טְרֶערְן זַיינֶען אַרוֹיף גֶעקוּמֶען פַּארְן כִּסֵא הַכָּבוֹד אוּן הָאבְּן גֶע׳פּוֹעלְ׳ט פַּאר דִיר. אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער הָאט צוּגֶעגְרֵייט פַּארְן מַלְאַךְ הַמָּוֶת אַנְדֶערֶע מֶענְטְשְׁן אַנְשְׁטָאט דִיר. אוּן פַאר דִיר הָאט עֶר צוּגֶעגֶעבְּן צְוֵויי אוּן צְוַואנְצִיג יָאר, כְּדֵי דוּ זָאלְסְט דֶערְסְפִּיעֶן צוּ

לֶערְנֶען תּוֹרָה מִיט דַיין שֶׁעפַּאלֶע וָואס אִיז שְׁטַארְק בַּאלִיבְּט פַּארְן אוֹיבֶּערְשְׁטְן!"

דִי גַאנְצֶע צַייט אִיז דֶער קִינְד גֶעלֶעגְן אִיבֶּער זַיין טַאטְן בַּאהֶעפְּט אַ מוֹיל צוּ אַ מוֹיל, אוּן אַ זַייל פַּייעֶר הָאט צְוִישְׁנְגֶעשֵׁיידְט צְוִישְׁן אִיהם מִיט דִי אַרוּמִיגֶע אָנְוֶועזְנְדֶע.

וֶוען רַבִּי אֶלְעָזָר מִיט דִי חֶבְרַיָא הָאבְּן גִיהֶערְט דֶעם קוֹל, הָאבְּן זֵיי אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אַלֶע אָנְוֶועזְנְדֶע פוּן שְׁטוּבּ. דַאן אִיז דֶער פַּייעֶר־זַייל אַוֶועק. הָאבְּן זֵיי גֶעזֶעהן וִוי רַבִּי יוֹסֵי עֶפְנְט אוֹיף זַיינֶע אוֹיגְן. הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר אוֹיסְגֶערוּפְן: "וואוֹיל אִיז אוּנְזֶער חֵלֶק, וָואס מִיר הָאבְּן צוּגֶעזֶען תְּחִיַת־הַמֵתִים מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגְן"!

דַאן זֶענֶען דִי חֶבְרַיָא צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ רַבִּי יוֹסֵי'ן אוּן הָאבְּן אִיהם גֶעזָאגְט: וואוֹיל אִיז דַיין חֵלֶק, אוּן גִיבֶּענְטְשְׁט זָאל זַיין גָאט וָואס הָאט דִיר גֶעטָאן אַ נֵס וֶועגְן דֶעם

גֶעוֶויין און דֶעם גֶעבֶּעט פון דַיין קִינְד, וָואס מִיט זַיינֶע שֵׁיינֶע רֵייד הָאט עֶר אַיינְגֶעבְּרָאכְן דִי טוֹיֶערְן פון הִימְל, און וֶועגְן זַיינֶע רֵייד און טְרֶערְן הָאט מֶען דִיר צוּגֶעגֶעבְּן יָארְן פון לֶעבְּן.

נָאכֶער הָאבְּן דִי חֶבְרַיָא גֶענוּמֶען דֶעם קִינְד און הָאבְּן אִיהם גֶעקוּשְׁט, און גֶעוֶויינְט מִיט אִיהם פון גְרוֹיס פְרֵייד און אִיבֶּערַאשוּנְג.

דִי חֶבְרַיָא זֶענֶען פֶערְבְּלִיבְּן דָארְט מִיט גְרוֹיס פְרֵייד דְרַיי טֶעג. און צוּזַאמֶען מִיט רַבִּי יוֹסֵי'ן מְחַדֵשׁ גֶעוֶוען חִדוּשִׁים אִין דִי תּוֹרָה.

רַבִּי יוֹסֵי הָאט זֵיי דַאן דֶערְצֵיילְט, אַז דִי דְרַיי הוּנְדֶערְט פִינֶעף און זֶעכְצִיג טְרֶערְן וָואס דַיין קִינְד הָאט אַרָאפְּגֶעלָאזְט הָאבְּן אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען פַארְן הֵיילִיגְן בַּאשֶׁעפֶער מִיט אַ רֶעכֶענוּנְג. און בִּשְׁעַת עֶר הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶען צוּ זָאגְן לֶעבְּן אִיהם דֶעם פָּסוּק

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

וֶועגְן אַ טוֹיבּ מִיט אִירֶע עוֹפּ׳אַלַאךְ פוּן דֶער תּוֹרָה, הָאבְּן דִי דְרַיי הוּנְדֶערְט טוֹיזְנְט בֶּענְק וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ אִין יְשִׁיבָה שֶׁל מַעְלָה זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבְּן צוּ טְרֵייסְלֶען, אוּן זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַארְן הֵיילִיגְן בַּאשֶׁעפֶער צוּ בֶּעטְן אוֹיף מִיר רַחֲמִים. אוּן דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיז פוֹל גֶעוָוארְן מִיט רַחֲמָנוּת, אוּן גֶערוּפְן דֶעם מַלְאַךְ הַמָּוֶת, אוּן אִיהם בֶּעפוֹילְן עֶר זָאל נָאכְזוּכְן פַאר אִיהם מִיר צְוֵויי אוּן צְוַואנְצִיג יָאר.

״אוּן וַוייל דֶער בַּאשֶׁעפֶער הָאט אַייךְ אַיינְגֶעזֶען פַאר אֶמֶתְ׳דִיגֶע צַדִיקִים הָאט עֶר גֶעטָאן דֶעם נֵס פַאר אַייעֶרֶע אוֹיגְן״ — הָאט רַבִּי יוֹסֵי פֶערְעֶנְדִיגְט.*

* זוהר ח״ג עמוד ר״ד

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

## ה

רַבִּי אֶלְעָזָר נֶעמְט אויף זיך יסורים

צוֹלִיבּ אַ מַעֲשֶׂה וָואס הָאט פַּאסִירְט הָאבְּן דִי חֲכָמִים פוּן דוֹר גֶעהַאלְטְן מִיט רַבִּי אֶלְעָזָרְ'ן אִין זַיינֶע לֶעצְטֶע יָאהרְן אַבִּיסְל פוּן וַוייטְן, זַייעֶנְדִיג אוּנְצוּפְרִידְן פוּן דֶער מַעֲשֶׂה.

★

דִי מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹי גֶעוֶוען:

רַבִּי אֶלְעָזָר בְּרַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט אַמָאל גֶעטְרָאפְן דֶעם מֶענְטְשְׁן וֶועלְכֶער אִיז גֶעוֶוען אוֹיפְגֶענוּמֶען פוּן דִי רֶעגִירוּנְג צוּ כַאפְּן דִי גַנָבִים אִין לַאנְד.

הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט: "וִוי אַזוֹי וֵוייסְטוּ וֶוער עֶס זֶענֶען גַנָבִים, זֵיי זֶענֶען דָאךְ וִוי דִי חַיוֹת פוּן וַואלְד וָואס נָאר אִין דֶער פִינְסְטֶערְנִישׁ פוּן דִי נַאכְט קְרִיכְן

זיי אַרויס פון זייערע לעכער צו פאַרצוקן זייערע פיינגעניש, און בייטאג באַהאַלטן זיי זיך אויס? עס איז דאך מעגליך אַז דו כאַפּסט גאר אומשולדיגע און די שולדיגע לאָזטו אויס?"

"און וואס זאל איך טהון — האט דער מענטש געענטפערט — איך מוז דאך דעם קעניג'ס באַפעל אויספירן"?

"קום וועל איך דיר לערנען וואס דו זאלסט טהון" — האט איהם רבי אלעזר געזאגט.

"אַרום פיר שעה אויפן טאג, אין די צייט פון עסן, זאלסטו אַריינגעהן אין די רעסטוראַנען אַוואו מענטשן עסן און אַז דו וועסט זעהן דארטן אַ מענטשן וואס טרינקט וויין און דרימלט איין מיטן כוס אין האנט, זאלסטו זיך נאכפרעגן אויף איהם, אויב ער איז אַ תלמיד חכם איז ער אויפגעשטאַנען פאַרטאג פרי צו

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

לֶערְנֶען דֶערִיבֶּער דְרִימְלְט עֶר יֶעצְט בַּיים עֶסְן.

אָדֶער אוֹיבּ עֶר אִיז אַ אַרְבֶּעטֶער אִיז עֶר פְּרִי אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען צוּ זַיין אַרְבֶּעט.

אָבֶער אוֹיבּ עֶר אִיז נִישְׁט דָאס אוּן נִישְׁט דָאס אִיז עֶר גֶעוִויס אַ גַנָב, וָואס עֶר אִיז וַואךְ גֶעוֶוען בַּיינַאכְט כְּדֵי צוּ לוֹיעֶרְן אוֹיף הַייזֶער אוּן דוּרְכְגֶעהֶער זֵיי צוּ בַּאגַנְבְ׳נֶען, אוּן דֶערִיבֶּער דְרִימְלְט עֶר יֶעצְט".

הָאט דֶער קֶענִיג גֶעהֶערְט פוּן דִי דָאזִיגֶע עֵצָה, הָאט עֶר אַרוֹיסְגֶעגֶעבְּן אַ בַּאפֶעל אַז דֶער וָואס הָאט גֶעגֶעבְּן דִי עֵצָה זָאל דָאס אוֹיךְ דוּרְכְפִּירְן דָאס הֵייסְט, אַז רַבִּי אֶלְעָזָר בְּרַבִּי שִׁמְעוֹן זָאל וֶוערְן אוֹיפְגֶענוּמֶען צוּ כַאפְּן גַנָבִים אִין לַאנְד.

אוּן רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט גֶעמוּזְט אַזוֹי טְהוּן.

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

די חֲכָמִים זֶענֶען גֶעוֶוען זֵייעֶר דֶערְגֶעגְן אִין דֶער זַאךְ, וַוייל צְוִוישְׁן די גַנָבִים הָאבְּן זִיךְ גֶעפוּנֶען אוֹיךְ אִידְן, און די מְלוּכָה הָאט זֵיי אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען.

אֵיינֶער פון די חֲכָמִים, רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן קָרְחָה, הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט זָאגְן: "דוּ בִּיסְט ווִי עֶסִיג וָואס שְׁטַאמְט פוּן וַויין (וַויין אִיז אַ מָשָׁל אוֹיף זַיין פָאטֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי), בִּיז וֶוען נָאךְ וֶועסְטוּ אִיבֶּערְגֶעבְּן פוּן אוּנְזֶער גָאט'ס פָאלְק צוּם הַרְגְ'נֶען?!"

הָאט אִיהם רַבִּי אֶלְעָזָר צוּרִיק גֶעשִׁיקְט זָאגְן: "שְׁטֶעכִיגֶע גֶעוִויקְסְן רוֹים אִיךְ אוֹיס פוּן אִידִישְׁן וַויינְגָארְטְן".

הָאט אִיהם רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ צוּרִיק גֶעשִׁיקְט זָאגְן: "זָאל קוּמֶען דֶער אֵייגְנְטִימֶער פוּן וַויינְגָארְטְן (דָאס מֵיינְט ה' בָּרוּךְ הוּא) און אוֹיסְרוֹימֶען זַיינֶע שְׁטֶעכִיגֶע גֶעוִויקְסְן".

## בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

אין אַ טָאג הָאט גֶעטְרָאפְן רַבִּי אֶלְעָזָר'ן אֵיינֶער אַ וֶועשֶׁער און עֶר הָאט אִיהם גֶערוּפְן "עֶסִיג וָואס שְׁטַאמְט פוּן וַויין".

הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעזָאגְט: "אוֹיבּ דֶער אִיז אַזַא חָצוּף אִיז אַ בַּאוַוייז אַז עֶר אִיז אַ פַארְבְּרֶעכֶער", און עֶר הָאט בַּאפוֹילְן אַז מְ'זָאל אִיהם אַרֶעסְטִירְן.

וֶוען רַבִּי אֶלְעָזָר הָאט זִיךְ בַּארוּהִיגְט אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אִין תְּפִיסָה בַּאפְרַייעֶן דֶעם וֶועשֶׁער, אָבֶּער עֶר הָאט שׁוֹין פַארְשְׁפֶּעטִיגְט וַוייל מְ'הָאט אִיהם שׁוֹין גֶעהַאט אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען.

הָאט זִיךְ רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעשְׁטֶעלְט אוּנְטֶערְן תְּלִיָה־בּוֹים און הָאט גֶעוֵויינְט, הָאבְּן מֶענְטְשְׁן גֶעזָאגְט צוּ אִיהם: "רֶבִּי, דוּ דַארְפְסְט זִיךְ נִישְׁט עֶרְגֶערְן אִיבֶּער אִיהם, וַוייל עֶר און זַיין זוּהן הָאבְּן אוּם יוֹם כִּפּוּר אָפְּגֶעטְהוּן אֵיינֶע פוּן דִי

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

הַארְבְּסְטֶע זינְד וָואס דֶער שְׁטְרָאף דַארוֹיף אִיז סְקִילָה, און די וֶועלְכֶע בַּאקוּמֶען דֶעם שְׁטְרָאף פון סְקִילָה וֶוערְן לוֹיט דֶעם דִין פון דֶער תּוֹרָה אוֹיפְגֶעהָאנְגֶען״.

דַאן הָאט זִיךְ רַבִּי אֶלְעָזָר בַּארוּהִיגְט.

אָבֶער דָאךְ הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גֶעוָואלְט זַיין זִיכֶער אַז עֶר אִיז נִישְׁט דוּרְכְגֶעפַאלְן מִיט אַ אוּנְשׁוּלְדִיגְן.

הָאט עֶר בַּאשְׁטֶעטִיגְט צוּ פְּרָאבִּירְן וָואס סְ׳וֶועט זַיין מִיט זַיין קֶערְפֶּער נָאכְן טוֹיט. אוֹיבּ אַז נָאךְ זַיין שְׁטַארְבְּן וֶועט זַיין קֶערְפֶּער בְּלַייבְּן גַאנְץ און פְּרִישׁ און וֶוערִים וֶועלְן נִישְׁט הָאבְּן קֵיין שְׁלִיטָה אוֹיף אִיהם וֶועט דָאס זַיין בַּיי אִיהם אַ צֵייכְן אַז עֶר הָאט נִישְׁט גֶעזִינְדִיגְט.

הָאט עֶר בַּאפוֹילְן און מְ׳הָאט אִיהם אַייְנְגֶעגֶעבְּן אַ שְׁלָאף־גֶעטְרַאנְק און מְ׳הָאט אִיהם אַרַייְנְגֶעלֶעגְט אִין אַ

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

פַארְמַאכְטֶע שְׁטוּבּ פוּן מַארְמָארְנֶע וֶוענְט, אַוואוּ קֵיין ווִינְט קֶען נִישְׁט אַרַיינְדְרִינְגֶען, דָארְטְן הָאט מֶען אוֹיפְגֶעשְׁנִיטְן זַיין קֶערְפֶּער אוּן אַרוֹיסְגֶענוּמֶען גַאנְצֶע קוֹישְׁן פֶּעטְס (עֶר אִיז גֶעוֶוען זֶעהר אַ פֶּעטֶער מֶענְטְש), וֶועלְכֶע מְ׳הָאט גֶעלֶעגְט אוֹיפְן זוּן אִין דִי צַייט פוּן תַּמוּז־אָב, וֶוען סְ׳אִיז זֶעהר הֵייס אִינְדְרוֹיסְן.

אוּן דָאךְ אִיז דֶעם צַדִיקְ׳ס פֶּעטְס נִישְׁט קַאלְיֶע גֶעוָוארְן אִין דִי גְרוֹיסֶע הִיץ אוּן קֵיינֶע וֶועְרִים הָאבְּן זִיךְ דַארוֹיף נִישְׁט גֶעשַׁאפְן.

הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר דַאן גֶעלֵייעֶנְט אוֹיף זִיךְ דֶעם פָּסוּק: ״אַף בְּשָׂרִי יִשְׁכּוֹן לָבֶטַח״* — אוֹיךְ אִין קֶבֶר וֶועט מַיין לַייבּ רוּהֶען זִיכֶער.

★

* תהלים טו,י.

פון דֶעסְוֶועגְן הָאט זִיךְ רַבִּי אֶלְעָזָר נָאךְ אַלְץ נִישְׁט בַּארוּהִיגְט און עֶר הָאט נָאךְ אַלְץ מוֹרָא גֶעהַאט טָאמֶער איז דוּרְךְ אִיהם אֵיינֶער אַ אוּנְשׁוּלְדִיגֶער אוּמְגֶעקוּמֶען, הָאט עֶר גֶענוּמֶען אוֹיף זִיךְ יְסוּרִים אַלְס כַּפָּרָה.

אוֹיף דֶער נַאכְט הָאט מֶען אִיהם אוּנְטֶערְגֶעלֶעגְט פִיל לַיילַאכֶער אוֹיף זַיין שְׁלָאף־גֶעלֶעגֶער, און אִינְדֶערְפְרִי הָאט מֶען פון זֵיי אוֹיסְגֶעפְּרֶעסְט פִיל שִׁיסְלֶען בְּלוּט און מַאטֶערְיֶע, אִין וֶועלְכֶע זֵיי הָאבְּן זִיךְ אַ גַאנְצֶע נַאכְט גֶעוֶוייקְט פון זַיינֶע וואוּנְדְן.

זַיין וַוייבּ הָאט אִיהם דַאן גֶעמַאכְט פִיל סָארְטְן מַאֲכָלִים פון פַייגְן, און עֶר הָאט גֶעגֶעסְן און איז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ זַיינֶע כֹּחוֹת.

אַזוֹי הָאט זִיךְ דִי זַאךְ אִיבֶּערְגֶעחַזֶר'ט

נַאכְט נַאכְט און טָאג טָאג אַ לַאנְגֶע צַייט.

אין אָוונְט פְלֶעגְט עֶר זָאגְן צוּ זַיינֶע יְסוּרִים: "קוּמְט, מַיינֶע בְּרִידֶער און פְרַיינְד!" און אינְדֶערפְרִי פְלֶעגְט עֶר זֵיי זָאגְן: "גֶעהט אַוֶועק, כְּדֵי איהר זָאלְט מִיר נִישְט שְטֶערְן פון לֶערְנֶען תּוֹרָה!"

אֵיינְמָאל הָאט עֶס זַיין וַוייבּ גֶעהֶערְט ווִי אַזוֹי עֶר רוּפְט צוּ דִי יְסוּרִים אַז זֵיי זָאלְן צוּ אִיהם קוּמֶען, הָאט זִי צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: "דוּ אַלֵיין בְּרֶענְגְסְט זֵיי אוֹיף דִיר? דוּ הָאסְט דָאךְ שׁוֹין דָאס גַאנְצֶע גֶעלְט פון מַיין פָּאטֶער פַארְשְׁוֶוענְדֶעט צוּלִיבּ דֶעם!" און זִי הָאט אִיהם אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַלֵיין און אִיז אַוֶועק צוּ אִיהר פָּאטֶער אִין שְׁטוּבּ.

זֶענֶען דַאן גֶעפָּארְן אוֹיף אַ שִׁיף אִין יַם רַייכֶע סוֹחֲרִים, הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן אַ גְרוֹיסֶע כְוַואלֶע פון יַם

און הָאט בַּאדְרָאט צוּ דֶערְטְרִינְקֶען דִי שִׁיף.

הָאבְּן זֵיי גֶענוּמֶען שְׁרַייעֶן צוּ גָאט און הָאבְּן מִתְפַּלֵל גֶעוֶועזְן אַז זֵיי זָאלְן נִיצָל וֶוערְן אִין זְכוּת פוּן דֶעם צַדִיק רַבִּי אֶלְעָזָר בְּרַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז בַּאלְד דֶער יַם שְׁטִיל גֶעוָוארְן און זֵיי זֶענֶען אַרוֹיף בְּשָׁלוֹם אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה.

זֵיי זֶענֶען בַּאלְד גֶעקוּמֶען צוּ רַבִּי אֶלְעָזָר'ן אִין שְׁטוּבּ און הָאבְּן אִיהם גֶעמַאכְט פִיל סָארְטְן מַאֲכָלִים פוּן פַייגְן און עֶר אִיז גֶעקוּמֶען צוּ זַיינֶע כֹּחוֹת.

זַיין וַוייבּ דָארְט בַּיי אִיהר פָּאטֶער אִין שְׁטוּבּ הָאט גֶעוָואלט וִויסְן וָואס עֶס אִיז גֶעוָוארְן מִיט אִיהם נָאכְדֶעם וָואס זִי הָאט אִיהם פַארְלָאזְט, הָאט זִי גֶעשִׁיקְט אִיהר טָאכְטֶער צוּ אִיהם אִין שְׁטוּבּ זֶעהְן וָואס דֶער פָּאטֶער מַאכְט, וֶוען זִי אִיז

גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, הָאט עֶר צוּ אִיהר גֶעזָאגְט:

"גֶעה זָאג דַיין מוּטֶער אַז אוּנְזֶער רַייכְטוּם אִיז מֶעהר וִוי אִיהר פָּאטֶערְס". עֶר הָאט דַאן גֶעלֵייעֶנְט אוֹיף זִיךְ דֶעם פָּסוּק: "הָיְתָה כָּאֳנִיּוֹת סוֹחֵר מִמֶּרְחָק תָּבִיא לַחְמָהּ"* — דִי תּוֹרָה אִיז וִוי אַ שִׁיף פוּן סוֹחֲרִים וָואס בְּרֶענְגְט פוּן וַוייטְן אִיהר בְּרוֹיט (גֶעמֵיינְט דֶערְמִיט דִי מַעֲשֶׂה פוּן דִי סוֹחֲרִים מִיטְן שִׁיף וָואס זֶענֶען אִין זְכוּת פוּן זַיין תּוֹרָה נִיצָל גֶעוָוארְן אוּן הָאבְּן אִים גֶעבְּרֶענְגְט הִילְף).

דֶערְצֵיילְן דִי חֲכָמִים: דִי אַלֶע יָאהְרְן פוּן זַיינֶע יְסוּרִים אִיז קֵיינֶער נִישְׁט גֶעשְׁטָארְבְּן פַאר זַיין צַייט.

★

וֶוען עֶר אִיז גֶעזוּנְט גֶעוָוארְן אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, הָאט מֶען

* משלי לא,יד.

גֶעבְּרֶענְגְט פַּאר אִיהם פִיל שְׁאֵלוֹת אוּן עֶר הָאט אוֹיף אַלֶע גֶעפַּסְקְ'נְט טָהוֹר, הָאבְּן דִי חֲכָמִים צְוִוישְׁן זִיךְ גֶערֶעדְט: "קֶען דָאס זַיין אַז סְ'אִיז נִישְׁטָא קֵיין אֵיין סָפֵק אִין דִי אַלֶע שְׁאֵלוֹת?!"

הָאט עֶר צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: "אוֹיבּ סְ'אִיז אַזוֹ ווִי אִיךְ הָאבּ גֶעפַּסְקְנְ'ט זָאלְן דִי אַלֶע פְרוֹיעֶן וָואס הָאבְּן גֶעבְּרֶענְגְט דִי שְׁאֵלוֹת, גֶעבָּארְן אִינְגְלַאךְ, אוּן אוֹיבּ סְ'אִיז נִישְׁט אַזוֹי זָאל אֵיינֶע פוּן זֵיי גֶעבָּארְן אַ מֵיידְל, הָאבְּן דִי אַלֶע פְרוֹיעֶן גֶעבָּארְן אִינְגְלַאךְ, אוּן מְ'הָאט זֵיי גֶערוּפְן אֶלְעָזָר אוֹיף זַיין נָאמֶען.*

ו

**די מוֹרָא'דיגֶע הסְתַּלְקוּת פוּן דֶעם צַדִיק**

פַאר זַיין שְׁטַארְבְּן הָאט עֶר גֶעזָאגְט צוּ זַיין וַוייבּ (וֶועלְכֶע אִיז נָאךְ דִי מַעֲשֶׂה מִיטְן שִׁיף צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ אִיהם):

* בבא מציעא פג:

# בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

"אִיךְ וֵוייס אַז דִי חֲכָמִים זֶענֶען אִין בֵּייזְן אוֹיף מִיר צוּלִיבּ מַיין פִירוּנְג מִיט דִי גַנָבִים, אוּן זֵיי וֶועלְן זִיךְ נִישְׁט אָפְּגֶעבְּן ווִי גֶעהֶערִיג מִיט מַיין קְבוּרָה, זָאלְסְטוּ מִיר דֶערִיבֶּער לָאזְן לִיגְן אִין מַיין דַאךְ בּוֹידֶעם אוּן דוּ זָאלְסְט גָאר קֵיין מוֹרָא נִישְׁט הָאבְּן.

בִּיז צְוֵויי אוּן צְוַואנְצִיג יָאהר אִיז רַבִּי אֶלְעָזָר נָאךְ זַיין שְׁטַארְבְּן גֶעבְּלִיבְּן לִיגְן אִין בּוֹידֶעם.

וֶוען זַיין וַוייבּ פְלֶעגְט דָארְט אַרוֹיף הָאט זִי גֶעזֶעהְן אַז אַפִילוּ דִי הָאר פוּן זַיין קָאפּ הַאלְט זִיךְ פְרִישׁ, טָאמֶער הָאט זִיךְ צוּלִיבּ וָואס עֶס אִיז אַרוֹיסְגֶערִיסְן אַ הָאר פוּן קָאפּ אִיז אַרוֹיס בְּלוּט פוּן דָארְט ווִי בַּיי אַ לֶעבֶּעדִיגְן מֶענְטְשְׁן.

אֵיינְמָאל וֶוען זִי אִיז דָארְט אַרוֹיף הָאט זִי גֶעזֶעהְן ווִי אַ וָוארֶעם קְרִיכְט אִיהם אַרוֹיס פוּן אוֹיֶער. אִיז דִי הַארְץ

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

אִין אִיהר אַייְנְגֶעפַאלְן, זִי הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אַז זַיין קֶערְפֶּער הוֹיבְּט שׂוֹין אָן פוֹילְן, הָאט עֶר זִיךְ גֶעוִויזְן פַאר אִיהר בַּיינַאכְט אִין חָלוֹם אוּן הָאט צוּ אִיהר גֶעזָאגְט:

"זַיי נִישְׁט בַּאזָארְגְט, דָאס הָאט נָאר אֵיינְמָאל פַּאסִירְט, אַלְס שְׁטְרָאף דַארוֹיף וָואס אִיךְ הָאבּ אַמָאל אִין אַ טָאג גֶעהֶערְט וִוי מְ'אִיז מְבַזֶה אַ תַּלְמִיד חָכָם אוּן אִיךְ הָאבּ נִישְׁט מוֹחֶה גֶעוֶוען וִוי גֶעהֶערִיג", (אִיז עֶר דֶערִיבֶּער גֶעשְׁטְרָאפְט גֶעוָוארְן מִיטְן אוֹיעֶר).

וֶוען צְוֵויי הָאבְּן גֶעהַאט אַ דִין תּוֹרָה צְוִוישְׁן זִיךְ פְּלֶעגְן זֵיי קוּמֶען פַאר דִי טִיר פוּן זַיין שְׁטוּבּ אוּן יֶעדֶערֶער הָאט דָארְט פָארְגֶעלֶעגְט זַיינֶע טַעֲנוֹת, אִיז אַרוֹיס אַ קוֹל פוּן בּוֹידֶעם אוּן הָאט אוֹיסְגֶערוּפְן: "דוּ וָואס דַיין נָאמֶען אִיז אַזוֹי בִּיסְט

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

חַיָּיב, און דו וָואס דַיין נָאמֶען איז אַזוֹי
בִּיסְט זַכַּאי!״

אֵיינְמָאל אִין אַ טָאג הָאט זִיךְ
אַ שְׁכֵנָה צוּקְרִיגְט מִיט זַיין וַוייבּ, הָאט זִי
אִיהר גֶעזָאגְט: ״הַלְוַואי זָאלְסְטוּ זַיין וִוי
דַיין מַאן וָואס אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען צוּ
קְבוּרָה״!.

הָאבְּן דִי חֲכָמִים דָאס גֶעהֶערְט,
הָאבְּן זֵיי גֶעזָאגְט: ״אוֹיבּ דִי זַאךְ אִיז
שׁוֹין אַזוֹי בַּאוואוּסְט צְוִוישְׁן מֶענְטְשְׁן אִיז
עֶס שׁוֹין נִישְׁט מֶעהר קֵיין כָּבוֹד אִיהם
אַזוֹי צוּ לָאזְן״. און בַּאלְד הָאבְּן זֵיי זִיךְ
גֶענוּמֶען אָפְּגֶעבְּן אִיהם צוּ בְּרֶענְגֶען צוּ
קְבוּרָה.

לוֹיט אַ אַנְדֶער מֵיינוּנְג, הָאט זִיךְ רַבִּי
שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי בַּאוִויזְן פַאר דִי חֲכָמִים
אִין חָלוֹם און הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: ״אִיךְ
הָאבּ אַ טַייבֶּעלֶע צְוִוישְׁן אַייךְ און אִיהר
ווִילְט עֶס נִישְׁט בְּרֶענְגֶען צוּ מִיר!״

אָבֶער דִי מֶענְטְשְׁן פוּן דֶעם אָרְט עַכְבָּרְיָא, וָואס נֶעבְּן זַיין שְׁטָאט, הָבְּן נִישְׁט גֶעלָאזְט אִיהם אַרוֹיסְפִירְן צוּ קְבוּרָה, וַוייל דִי אַלֶע יָאהרְן וָואס עֶר אִיז גֶעלֶעגְן אִין בּוֹידֶעם אִיז קֵיין צָרָה נִישְׁט פָארְגֶעקוּמֶען אִין זֵייעֶר אָרְט.

אִיז גֶעוֶוען אִין דֶעם טָאג פוּן עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר, וֶוען דִי מֶענְטְשְׁן פוּן עַכְבָּרְיָא זֶענֶען גֶעוֶוען זֵייעֶר פַארְנוּמֶען, הָאבְּן דִי חֲכָמִים גֶעשִׁיקְט אוּן מְ׳הָאט אַרוֹיסְגֶעפִירְט זַיין בֶּעט פוּן בּוֹידֶעם אוּן מְ׳הָאט אִיהם גֶעבְּרֶענְגְט צוּ דִי מְעָרָה פוּן זַיין פָאטֶער.

הָאבְּן זֵיי גֶעטְרָאפְן דָארְט אַ שְׁלַאנְג וָואס רִינְגְלְט אַרוּם דֶעם אַיינְגַאנְג פוּן דֶער מְעָרָה, הַאלְטְנְדִיג דֶעם עֶק אִין מוֹיל אוּן אַרוּמְגֶעדְרֶעהט וִוי אַ רָאד.

הָאבְּן זֵיי גֶערוּפְן צוּם שְׁלַאנְג אוּן גֶעזָאגְט: ״שְׁלַאנְג, שְׁלַאנְג! עֶפְן דַיין מוֹיל

און לָאז נָאךְ דַיין עֶק, און זָאל דֶער זוהן אַרַיינְקוּמֶען צוּ זַיין פָּאטֶער!"

הָאט זִיךְ דֶער שְׁלַאנְג בַּאלְד פַארְנַאנְדֶער גֶעווִיקֶלְט פוּן דֶעם אַיינְגַאנְג, און דִי חֲכָמִים זֶענֶען אַרַיין אִין דֶער מְעָרָה און הָאבְּן גֶעלֶעגְט רַבִּי אֶלְעָזָרְ'ן נֶעבְּן זַיין פָּאטֶער רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי.*

* בבא מציעא פד:




ציון קברו של רבי יוסי דפקיעין

## רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן חֲלַפְתָּא:

רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן חֲלַפְתָּא איז גֶעוֶוען בַּיים עֶנְדֶע פִינֶעפְטְן דוֹר פוּן תַּנָאִים, אוּן בַּיים אָנְהוֹיבּ עֶרְשְׁטְן דוֹר פוּן אָמוֹרָאִים. אִין מִשְׁנַיוֹת אִיז עֶר שׁוֹין נִישְׁט דֶערְמָאנְט, נָאר אֵיין מַאֲמָר זַיינֶער בַּיים עֶנְדֶע פוּן דִי מִשְׁנָה: "הַקָבָּ"ה הָאט נִישְׁט גֶעטְרָאפְן קַיין כְּלִי וָועלְכֶער עֶנְטְהַאלְט בְּרָכָה — נָאר שָׁלוֹם". עֶר אִיז נָאךְ גֶעוֶוען פוּן דִי וָואס זַיינֶען אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִין דִי הוֹיז פוּן רַבִּי יְהוּדָה הַנָשִׂיא.

מֶען הָאט אִים גֶעהַאלְטְן אִין זַיין דוֹר פַאר גָאר אַ הֵיילִיגֶער מַאן. אָבֶּער טְרָאץ דֶעם הָאט עֶר נִישְׁט גֶעוָואלְט הֲנָאָה הָאבְּן אִין זַיין לֶעבְּן פוּן קַיין מֶענְטְשׁ.

חַזַ"ל דֶערְצֶעלְן: וֶוען עֶר אִיז אַמָאל אַרוֹיס פוּן רַבִּי יְהוּדָה הַנָשִׂיא'ס הוֹיז, הָאט רַבִּי יְהוּדָה גֶעאַיילְט זַיין זוּן צוּ אִיהם עֶר זָאל אִיהם בֶּענְטְשְׁן. (מועד קטן ט׳)

רַבִּי חֲנִינָא בַּר חָמָא הָאט גֶעזָאגְט אוֹיף זִיךְ, אַז עֶר הָאט זוֹכֶה גֶעוֶוען צוּ לֶעבְּן לַאנְג, וַוייל עֶר פְּלֶעגְט צוּמָאל אַרַיינְגֵיין צוּ רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן חֲלַפְתָּא אִיהם צוּבַּאגְרִיסְן.

אוֹיסֶער זַיין גְאוֹנוּת אוּן הֵיילִיגְקַייט אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעוֶוען אַ גְרוֹיסֶער פָארְשֶׁער אִין וֶועלְטְלִיכֶע וויסְנְשַׁאפְט.

# רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן חֲלַפְתָּא

## א

אַ פֶּערל פוּן הימל

רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן חֲלַפְתָּא אִיז גֶעוֶוען פוּן דִי גְרוֹיסֶע חֲכָמִים אוּן תַּנָּאִים אִין דִי צַייט פוּן רַבִּי יְהוּדָה הַנָּשִׂיא (רַבִּי — דֶער מְסַדֵר הַמִּשְׁנָה), עֶר אִיז גֶעוֶוען זֶעהר אָרֶעם, אוּן עֶר אוּן זַיין וַוייבּ דִי צַדֶיקֶת הָאבְּן גֶעלֶעבְּט אִין גְרוֹיס נוֹיט.

אֵיינְמָאל אִין אַ עֶרֶב פֶּסַח אִיז עֶר גֶעזֶעסְן אוּן גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה צוּזַאמֶען מִיט רַבִּי חִיָּיא רַבָּה'ן (פוּן דִי גְרֶעסְטֶע חֲכָמִים אִין זַיין צַייט) אִין גְרוֹיסְן בֵּית הַמֶדְרָשׁ פוּן טְבֶרְיָה, הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט אַ גְרוֹיסֶער גֶערוֹיש פוּן מֶענְטְשְׁן פוּן דִי גַאס אִינְדְרוֹיסְן. הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט רַבִּי חִיָּיא'ן:

"וָואס טְהוּעֶן דָארְט דִי מֶענְטְשְׁן וָואס טוּמְלֶען אַזוֹי ?".

הָאט אִיהם רַבִּי חִיָּיא גֶעעֶנְטְפֶערְט: "דֶער וָואס הָאט גֶעלְט קוֹיפְט אַיין אוֹיף יוֹם טוֹב, אוּן דֶער וָואס הָאט נִישְׁט גֶעהט צוּ זַיין בַּעַל הַבַּיִת וָואס עֶר הָאט גֶעאַרְבֶּעט בַּיי אִיהם אוּן עֶר גִיט אִיהם".

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעזָאגְט: "אִיךְ וֶועל אוֹיךְ גֶעהן צוּ מַיין בַּעַל הַבַּיִת (גֶעמֵיינְט הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ) אוּן עֶר וֶועט מִיר גֶעבְּן".

אִיז עֶר אַוֶועק אִין אַ מְעָרָה פוּן טְבֶרְיָה אוּן הָאט דָארְט מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען, הָאט עֶר גֶעזֶעהן וִוי אַ הַאנְט שְׁטְרֶעקְט זִיךְ אוֹיס אוּן דֶערְלַאנְגְט אִיהם אַ פֶּערְל.

אִיז עֶר אַוֶועק דֶערְמִיט צוּ רַבִּי'ן, הָאט אִיהם רַבִּי גֶעזָאגְט: "פוּן וַואנֶען הָאסְטוּ דָאס? אָט דֶער פֶּערְל אִיז דָאךְ גָאר אוּנְשַׁאצְבַּאר, אַייל זִיךְ נִישְׁט עֶס צוּ פַארְקוֹיפְן, נָאר נֶעם דִיר דֶערְוַוייְלֶע דְרַיי

## בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

דִינָרִים און גֶעה קוֹיף אַיין אַלֶעס וָואס דוּ דַארְפְסְט לִכְבוֹד יוֹם טוֹב, און נָאךְ יוֹם טוֹב וֶועלְן מִיר אוֹיסְרוּפְן דָאס צוּ פַארְקוֹיפְן און וָואס עֶס וֶועט זַיין וֶוערְד וֶועסְטוּ הָאבְּן״.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אַזוֹי גֶעטְהוּן, עֶר הָאט גֶענוּמֶען בַּיי רַבִּי׳ן דִי דְרַיי דִינָרִים און עֶר אִיז אַוֶועק און הָאט אַיינְגֶעקוֹיפְט זַיין גַאנְצְן גֶעבְּרוֹיךְ אוֹיף יוֹם טוֹב.

וֶוען עֶר אִיז גֶעקוּמֶען מִיט זַיין מֶקַח אִין שְׁטוּבּ, הָאט זַיין וַוייבּ צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: ״שִׁמְעוֹן, דוּ הָאסְט אָנְגֶעהוֹיבְּן גַנְבְ׳נֶען? פוּן וַואנֶען הָאסְטוּ גֶענוּמֶען גֶעלְט דָאס אַלֶעס אַיינְצוּקוֹיפְן?״

הָאט עֶר אִיהר דֶערְצֶעהלְט דִי גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה, הָאט זִי צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: ״וִוילְסְטוּ אַז אִין דַיין חוּפָּה אוֹיף דֶער קוּמֶענְדִיגֶער וֶועלְט זָאל פֶעלְן אַ פֶּערְל אַנְטְקֶעגְן דִי חוּפּוֹת פוּן דַיינֶע חֲבֵרִים״?

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

אוּן וָואס זָאלְן מִיר יֶעצְט טְהוּן?" — הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט.

"גֶעה — הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט — אוּן גִיבּ צוּרִיק אַלֶעס וָואס דוּ הָאסְט גֶעקוֹיפְט צוּ דִי פַארְקוֹיפֶער, דִי דִינָרִים גִיבּ אָפּ צוּ דֶעם וָואס דוּ הָאסְט בַּיי אִיהם גֶענוּמֶען אוּן דֶעם פֶּערְל גִיבּ אָפּ זַיין בַּעַל הַבַּיִת".

וֶוען רַבִּי הָאט דָאס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעשִׁיקְט רוּפְן רַבִּי שִׁמְעוֹנְ'ס וַוייבּ אוּן עֶר הָאט צוּ אִיהר גֶעזָאגְט: "פַארְוָואס בִּיסְטוּ אַזוֹי מְצַעֵר דֶעם צַדִּיק?" הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט: "דוּ ווִילְסְט אַז אִין זַיין חוּפָּה אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט זָאל זַיין אֵיין פֶּערְל וֶועהנִיגֶער ווִי אִין אַייעֶרֶע?" הָאט רַבִּי אִיהר גֶעזָאגְט: "אוֹיבּ סְ'וֶועט פֶעלְן וֶועלְן מִיר עֶס נִישְׁט קֶענֶען דֶערְפִילְן פוּן אוּנְזֶערֶע?" הָאט זִי גֶעעֶנְטְפֶערְט: "רֶבִּי, אוֹיבּ דָא אוֹיף דֶער וֶועלְט זֶענֶען מִיר זוֹכֶה צוּ זֶעהן דַיין פָּנִים, וֶועט עֶס אַזוֹי זַיין אוֹיךְ אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט?

יֶעדֶער צַדִיק הָאט דָאךְ דָארְט אַ בַּאזוּנְדֶער וואוֹינוּנְג פַאר זִיךְ!"

הָאט רַבִּי מוֹדֶה גֶעוֶוען צוּ אִיהרֶע רֵייד און רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶוען, און דִי הַאנְט פון הִימְל הָאט בַּיי אִיהם צוּרִיקְגֶענוּמֶען דֶעם פֶּערְל.

אִיז דֶער צְוֵוייטֶער נֵס גֶעוֶוען גְרֶעסֶער וִוי דֶער עֶרְשְׁטֶער, וָוארוּם דֶער כְּלַל אִיז אַז מְ׳גִיט פון הִימְל אָבֶּער מְ׳נֶעמְט נִישְׁט צוּרִיק און וִוידֶער, בַּיים נֶעמֶען דֶעם פֶּערְל אִיז דִי

הַאנְט פון הִימְל גֶעוֶוען פון אוֹיבְּן און רַבִּי שִׁמְעוֹנְ׳ס הַאנְט פון אונְטְן, וִוי אֵיינֶער וָואס נֶעמְט בַּיי זַיין חָבֵר, און בַּיים צוּרִיקְגֶעבְּן אִיז דִי הַאנְט פון הִימְל גֶעוֶוען פון אונְטְן און רַבִּי שִׁמְעוֹנְ׳ס הַאנְט פון אוֹיבְּן, וִוי אֵיינֶער וָואס גִיט זַיין חָבֵר...*

* מדרש שוחר טוב צב,ח.

# בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

## ב

דֶעם צַדִיקְ׳ס גְזֵירָה וֶוערְט מְקוּיָם

אֵיינֶער פוּן דִי גְרוֹיסֶע לַייט פוּן דֶער שְטָאט צִפּוֹרִי, הָאט גֶעמַאכְט אַ בְּרִית מִילָה זַיין קִינְד, זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען דִי מֶענְטְשְׁן פוּן דֶעם אָרְט עַין תְּאֵנָה, אִיהם בַּאהֶערְן אוּן זִיךְ בַּאטֵיילִיגְן אִין זַיין שִׂמְחָה, אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן חֲלַפְתָּא אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען מִיט זֵיי.

וֶוען זֵיי זֶענֶען אָנְגֶעקוּמֶען אִין טוֹיעֶר פוּן שְׁטָאט הָאבְּן זֵיי גֶעטְרָאפְן יוּנְגֶע בַּחוּרִים וָואס הָאבְּן זִיךְ גֶעשְׁפִּילְט פַאר אַ חָצֵר, דִי דָאזִיגֶע בַּחוּרִים זֶענֶן גֶעוֶוען גְרוֹיסֶע מְחוּצָפִים, וֶוען זֵיי הָאבְּן דֶערְזֶעהן רַבִּי שִׁמְעוֹנֶ׳ען אִין זַיין שֶׁעהנֶעם גֶעשְׁטַאלְט אוּן הַדְרַת פָּנִים, הָאבְּן זֵיי אִיהם אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּן גֶעזָאגְט „דוּ רִירְסְט זִיךְ נִישְׁט פוּן דַאנֶען בִּיז דוּ וֶועסְט אַבִּיסְל טַאנְצְן פַאר אוּנְז!״.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן זִיךְ אָנְגֶעבֵּייזֶערְט

אוֹיף זֵיי פַּארְוָואס זֵיי הָאבְּן נִישְׁט קֵיין דֶרֶךְ אֶרֶץ פַּאר אַ אַלְטְן מַאן, אָבֶּער זֵיי הָאבְּן זִיךְ נִישְׁט גֶערִירְט פוּן זֵייעֶר חוּצְפָּה אוּן הָאבְּן אִיהם נִישְׁט אָפְּגֶעלָאזְט.

הָאט עֶר צוּ זֵיי גֶעזָאגְט "אוֹיבּ אַזוֹי, זָאגְט מִיר נָאךְ וָואס אִיךְ וֶועל זָאגְן פַּאר אַייךְ — גֶעהט זָאגְט אַייעֶר בַּעַל הַבַּיִת, דֶער אֵייגְנְטִימֶער פוּן דָאזִיגְן חָצֵר, אוֹיבּ עֶר שְׁלָאפְט יֶעצְט זָאל עֶר זִיךְ פוּן זַיין שְׁלָאף דֶערְוֶועקְן, וַוייל דֶער זִינְד אִיז זִיס אִין אָנְהוֹיבּ אָבֶּער זַיין סוֹף אִיז בִּיטֶער!"

דֶער בַּעַל הַבַּיִת אִינְוֶועהנִיג הָאט דָאס דֶערְהֶערְט אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט פוּן זַיין שְׁלָאף, אִיז עֶר בַּאלְד אַרוֹיסְגֶעלָאפְן אוּן אִיז גֶעפַאלְן רַבִּי שִׁמְעוֹנֶען פַאר דִי פִיס אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטְן: "רֶבִּי אִיךְ בֶּעט דִיר, לֶעג נִישְׁט קֵיין אַכְט אוֹיף דִי רֵייד פוּן אָט דִי נַארִישֶׁע יוּנְגֶען!"

"אָבֶּער וָואס זָאל אִיךְ דִיר טְהוּן? —

בדרכי אבותינו

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט — דִי גְזֵירָה פוּן הִימְל אִיז שׁוֹין נִגְזַר גֶעוָוארְן אַז דֶער דָאזִיגֶער חָצֵר זָאל אַיינְפַאלְן, אָבֶער אִיךְ וֶועל דִיר וַוארְטְן בִּיז דוּ וֶועסְט דַיינֶע אַלֶע זַאכְן אַרוֹיסְנֶעמֶען פוּן דָארְט״.

אִיז אַזוֹי גֶעוֶוען, וִוי דֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט גֶעעֶנְדִיגְט אַרוֹיסְנֶעמֶען זַיינֶע אַלֶע זַאכְן פוּן חָצֵר, הָאט זִיךְ דֶער חָצֵר אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן אוּן אִיז צוּפַאלְן אוּן עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ בַּארְג שְׁטֵיינֶער.

רַבִּי שִׁמְעוֹן מִיט דִי מֶענְטְשְׁן פוּן עֵין תְּאֵנָה, זֶענֶען דַאן גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם בְּרִית מִילָה זִיךְ בַּאטֵיילִיגְן אִין דֶער שִׂמְחָה שֶׁל מִצְוָה, הָאט דֶער פָאטֶער פוּן דֶעם קִינְד זֵיי גֶעגֶעבְּן אַלְטֶע וַויין צוּ טְרִינְקֶען אוּן הָאט גֶעזָאגְט:

״טְרִינְקְט פוּן אָט דֶעם גוּטְן וַויין, אִיךְ פַארְזִיכֶער זִיךְ אִין דֶעם הַאר פוּן הִימְל אַז פוּן אָט דֶעם וַויין וֶועל אִיךְ אַייךְ אוֹיךְ גֶעבְּן

אין די וועגן פון אונזערע עלטערן

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

צוּ טְרִינְקֶען אוֹיף דִי חֲתוּנָה פוּן דֶעם קִינְד!״ הָאבְּן זֵיי גֶעעֶנְטְפֶערְט נָאךְ אִיהם: ״כְּשֵׁם שֶׁהִכְנַסְתּוֹ לַבְּרִית כַּךְ תַּכְנִיסֵהוּ לְתוֹרָה וּלְחוּפָּה — אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט זוֹכֶה גֶעוֶוען אִיהם אַרַיינְצוּפִירְן צוּם בְּרִית אַזוֹי זָאלְסְטוּ אוֹיךְ זוֹכֶה זַיין אִיהם אַרַיינְצוּפִירְן צוּ תּוֹרָה אוּן צוּ חוּפָּה״.

שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט אִיז רַבִּי שִׁמְעוֹן פוּן דָארְט אַוֶועק אוּן עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען זַיין וֶועג אַלֵיין, הָאט עֶר בַּאגֶעגְנְט אֵיינֶעם אוּן יֶענֶער הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: ״אִיהר פַארְזִיכֶערְט זִיךְ אוֹיף אַייעֶרֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים אוּן אִיהר גֶעהט אַרוֹיס אִין אַ צַייט וָואס אִיז שֶׁעדְלִיךְ צוּ גֶעהן אִין וֶועג?!״

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: ״אוּן וֶוער בִּיסְטוּ וָואס דוּ גֶעהסְט אוֹיךְ אִין וֶועג אִין אַזַא צַייט?״

״אִיךְ בִּין דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת״ — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט.

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

"און פַארְוָואס זֶעהסְטוּ אוֹיס אַזוֹי שְׁלֶעכְט?" — הָאט זִיךְ רַבִּי שִׁמְעוֹן נִישְׁט דֶערְשְׁרָאקְן פַאר אִיהם און גֶעפְרֶעגְט.

"צוּלִיב דִי שְׁוֶוערֶע רֵייד וָואס אִיךְ הֶער פוּן מֶענְטְשְׁן טָאג טָאג" — הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט.

"און וָואס זֶענֶען עֶס אַזוֹינְס?" — הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן גֶעפְרֶעגְט.

"אָט דֶער קִינְד וָואס אִיהר הָאט הַיינְט מַל גֶעוֶוען — הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת גֶעעֶנְטְפֶערְט — אִיז דֶער צֶעטְל פוּן זַיין גְזַר בַּיי מִיר אִין הַאנְט, אִיהם אַוֶועק צוּנֶעמֶען פוּן דֶער וֶועלְט נָאךְ דְרַייסִיג טֶעג.

און זַיין פָאטֶער הָאט אַייךְ גֶעגֶעבְּן טְרִינְקֶען וַויין און גֶעזָאגְט: טְרִינְקְט פוּן אָט דֶעם גוּטְן וַויין דֶען אִיךְ פַארְזִיכֶער זִיךְ אִין דֶעם הַאר פוּן הִימְל אַז אִיךְ וֶועל אַייךְ פוּן דֶעם גֶעבְּן טְרִינְקֶען אוֹיף זַיין חֲתוּנָה, הָאבּ אִיךְ דָאס גֶעהֶערְט און אִיךְ בִּין

פאַרטְרוֹיעֶרְט, וַוייל איךְ הָאבּ מוֹרָא אַז
אַייעֶר תְּפִלָּה וֶועט אָפְּשַׁאפְן דֶעם גְזַר".

"איךְ בַּאשְׁוֶוער דיר — הָאט רַבִּי
שִׁמְעוֹן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט — אַז דוּ זָאלְסְט
מִיר בַּאוַוייזְן דֶעם צֶעטְל פוּן מַיין גְזַר!"

"איךְ הָאבּ נִישְׁט קֵיין שְׁלִיטָה נִישְׁט
אוֹיף דִיר און נִישְׁט אוֹיף דַיינֶע חֲבֵרִים" —
הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— "פַארְוָואס?"

— "וַוייל אִיהר זֶענְט עוֹסֵק אַלֶע טָאג
אִין תּוֹרָה און אִין מִצְוֹות און אִיהר טְהוּט
צְדָקוֹת, לֶעגְט אַייךְ הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא
דֶעריבֶּער צוּ יָאהרְן אוֹיף אַייעֶרֶע יָאהרְן".

זָאל זַיין דֶער רָצוֹן פוּן הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ
הוּא — הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן צוּ אִיהם גֶעזָאגְט
— אַז אַזוֹי וִוי דוּ הָאסְט נִישְׁט קֵיין שְׁלִיטָה
אוֹיפְן צֶעטְל פוּן אוּנְזֶער גְזַר, אַזוֹי זָאלְסְטוּ
נִישְׁט הָאבְּן קֵיין רְשׁוּת צוּ עוֹבֵר זַיין אוֹיף
אוּנְזֶערֶע רֵייד וָואס מִיר הָאבְּן גֶעווּאוּנְשְׁן

דֶעם פָּאטֶער פוּן קִינְד אַז עֶר זָאל זוֹכֶה זַיין צוּ פִירְן אִיהם צוּ חוּפָּה!״

אוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט מִתְפַּלֵל גֶעוֶועְן אוֹיפְן קִינְד אוּן עֶר אִיז גֶעבְּלִיבְּן לֶעבְּן.*

**אַ שְׁאֵלָה אוֹיף אַ פוּס** רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיז גֶעוֶועְן גֶעוואוֹינְט מִיט נִסִים זַיינֶע אַלֶע יָארְן. אֵיינְמָאל וֶוען עֶר אִיז גֶעגַאנְגֶען אִין וֶועג הָאבְּן אִים אָנְגֶעטְרָאפְן צְוֵוי הוּנְגֶערִיגֶע לֵייבְּן וָואס זוּכְן אַ פֶּערְצוּקוּנְג, אוּן זִיךְ גֶענוּמֶען וַוארְפְן אוֹיף אִים. גְלַייךְ אִיז אָבֶער גֶעשֶׁעהן אַ נֵס. פוּן הִימְל זֶענֶען אַרָאפְּגֶעקוּמֶען צְוֵויי פִיס פוּן אַ בְּהֵמָה, דִי לֵייבְּן הָאבְּן גֶעכַאפְּט אֵיין פוּס, עֶס אוֹיפְגֶעגֶעסְן, גֶעשְׁטִילְט דֶעם הוּנְגֶער אוּן אַנְטְלָאפְן.

רַבִּי שִׁמְעוֹן הָאט גֶענוּמֶען דֶעם צְוֵוייטְן

* קהלת רבה ג,ב.

בדרכי אבותינו

פוס, גֶעבְּרֵייְנְגְט דָאס אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, אוּן גֶעפְרֶעגְט זַיינֶע חֲבֵרִים צוּ מֶען מֶעג דָאס עֶסְן. דִי חֲכָמִים הָאבְּן דַן גֶעוֶועְן אוּן בַּאשְׁטִימְט: ״ פוּן הִימְל קוּמְט נִישְׁט אַרָאפּ אַזַאךְ וָואס אִיז טָמֵא״.*



ציון מערת קבר התנא אבא חלפתא

* סנהדרין נט.

## רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי:

רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי (ג׳ אלפים תתק״פ) אִיז גֶעוֶוען פון די עֶרְשְׁטֶע אָמוֹרָאִים. זַיינֶע רַבִּי׳ס זַיינֶען גֶעוֶוען: ״בַּר קַפָּרָא״ (עבודה זרה מ״ג, חולין נ״ו) און ״רַבִּי יְהוּדָה בֶּן פְּדָיָה״ (בראשית רבה ד יד). עֶר אִיז גֶעוֶוען פון די גְרוֹיסֶע חֲכָמִים און פון די פִירֶער בַּיי אִידְן אִין זַיין צַייט. עֶטְלִיכֶע מָאל אִיז עֶר גֶעפָארְן קַיין רוֹים כְּדֵי צו מִשְׁתַּדֵל זַיין זִיךְ דָארְט בַּיי די הֶערְשַׁאפְט. (בראשית רבה ע״ח, תנחומא וארא). עֶס וֶוערְט דֶערְצֶעלְט אַז דֶער הֶערְשֶׁער פון רוֹים, פְלֶעגְט זִיךְ אוֹיפְהוֹיבְּן פַאר אִים, וַוייל עֶר הָאט גֶעזָאגְט: ״זַיין פָּנִים אִיז ווִי אַ פָּנִים פון אַ מַלְאָךְ״. (ירושלמי ברכות פ״ה)

רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ זֵייעֶר פִיל אָפְּגֶעגֶעבְּן מִיטְ׳ן מְחַנֵךְ זַיין אִידִישֶׁע קִינְדֶער. זַיין אֵיינִיקֶל הָאט עֶר אַלֵיין גֶעלֶערְנְט. און עֶר פְלֶעגְט זָאגְן: ״וֶוער עֶס הֶערְט פון מַיין זוּנ׳ס זוּן אַ פַּרְשָׁה אִיז דָאס אַזוֹי ווִי עֶר וָואלְט גֶעהֶערְט פון בַּארְג סִינַי״ (קדושין ל׳). עֶר הָאט גֶעמַאכְט פַארְשִׁידִינֶע תַּקָנוֹת, צְווִישְׁן זֵיי הָאט עֶר מְתַקֵן גֶעוֶוען ״קְרִיאַת שְׁמַע שֶׁעַל הַמִטָּה״. (ברכות ד:)

אִין זַיין זְכוּת, אִיז אִין זַיינֶע טֶעג נִישְׁט בַּאווִיזְן גֶעוָוארְן קַיין רֶעגְן־בּוֹיגְן.

עֶר פְלֶעגְט זָאגְן: ״יֶעדְן טָאג גֵייט אַרוֹיס אַ בַּת־קוֹל פון בַּארְג חוֹרֵב און רוּפְט אוֹיס: וֵויי פַאר די מֶענְטְשְׁן, צוּלִיבְּן פַארְשֶׁעמוּנְג פון די תּוֹרָה״. (ברייתא דקנין תורה)

# רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי

## א

**אַ גֶעשְׁפְּרֶעך מִיט מָשִׁיחַ'ן**

רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי אִיז גֶעוֶועזן פוּן דִי גְרֶעסְטֶע אֲמוֹרָאִים אִין זַיין דוֹר אוּן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא זָכוּר לַטוֹב פְלֶעגְט זִיךְ צוּ אִיהם שְׁטֶענְדִיג בַּאוַוייזְן.

אֵיינְמָאל הָאט עֶר גֶעטְרָאפְן אֵלִיָהוּ'ן בַּיי דִי טִיר פוּן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי'ס מְעָרָה, הָאט עֶר אִיהם גֶעפְרֶעגְט: "וֶוען וֶועט קוּמֶען מָשִׁיחַ?" הָאט עֶר אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: "גֶעה פְרֶעג אִיהם אַלֵיין".

— אוּן אַווּאוּ גֶעפִינְט עֶר זִיךְ?"

— "בַּיים טוֹיעֶר פוּן רוֹים".

"אוּן וָואס זֶענֶען זַיינֶע סִימָנִים, אַז אִיךְ זָאל דֶערְקֶענֶען?" — הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

"עֶר זִיצְט צְווִישְׁן אָרֶעמֶע לַייט וָואס הָאבְּן פִיל וואוּנְדְן אוֹיף זֵייעֶר קֶערְפֶּער — הָאט אֵלִיָּהוּ גֶעעֶנְטְפֶערְט — נָאר אַלֶע בִּינְדְן אָפּ דִי בַּאנְדַאזְשְׁן פוּן זֵייעֶרֶע וואוּנְדְן, ווִישְׁן אָפּ דִי לֵיחוּת אוּן פַארְבַּאנְדַאזְשִׁירְן צוּרִיק אַלֶע וואוּנְדְן אִין אֵיין מָאל, אוּן עֶר בִּינְדְט אָפּ אוּן פַארְבַּאנְדַאזְשִׁירט צוּרִיק יֶעדְן וואוּנְד אוּן וואוּנְד בַּאזוּנְדֶער.

וַוייל עֶר זָאגְט: טָאמֶער וֶוער אִיךְ גֶערוּפְן צוּ גֶעהן אוֹיסְלֵייזְן דִי אִידְן זָאל אִיךְ זִיךְ נִישְׁט פַארְזַאמֶען מֶעהר ווִי מִיטְן פַארְנֶעמֶען זִיךְ בְּלוֹיז מִיט אֵיין וואוּנְד".

אִיז רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעגַאנְגֶען אוּן אִיז גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם אוּן הָאט גֶעזָאגְט: "שָׁלוֹם עָלֶיךָ רַבִּי וּמוֹרִי", הָאט מָשִׁיחַ גֶעעֶנְטְפֶערְט: "שָׁלוֹם עָלֶיךָ בַּר לִיוָאי" (בֶּן לֵוִי)

"וֶוען וֶועט דֶער הַאר קוּמֶען?" — הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעפְרֶעגְט.

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

"הַיינְט" — הָאט מָשִׁיחַ גֶעעֶנְטְפֶערְט.
איז רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ אַוֶועק און אִיז צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ אֵלִיָהוּ'ן.
"וָואס הָאט עֶר דִיר גֶעזָאגְט?" — הָאט אֵלִיָהוּ אִיהם גֶעפְרֶעגְט.
— "שָׁלוֹם עָלֶיךָ בַּר לִיוָאִי".
"עֶר הָאט דִיר פַארְזִיכֶערְט מִיט עוֹלָם הַבָּא, דִיר און דַיין פָּאטֶער — הָאט אֵלִיָהוּ אִיהם גֶעזָאגְט — וָוארוּם וֶוען נִישְׁט וָואס אִיהר זֶענְט צַדִיקִים גְמוּרִים וָואלְט עֶר דִיר נִישְׁט גֶעגֶעבְּן קֵיין שָׁלוֹם און עֶר וָואלְט נִישְׁט דֶערְמָאנְט דֶעם נָאמֶען פוּן דַיין פָּאטֶער".
"עֶר הָאט דָאךְ מִיר אָבֶער גֶעזָאגְט נִישְׁט קֵיין אֱמֶת — הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט — דֶען עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז עֶר וֶועט הַיינְט קוּמֶען און עֶר אִיז נִישְׁט גֶעקוּמֶען".
"אַזוֹי הָאט עֶר דִיר גֶעמֵיינְט צוּ זָאגְן

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

— הָאט אֵלִיָּהוּ אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט — "הַיּוֹם אִם בְּקוֹלוֹ תִשְׁמָעוּ"* — הַיינְט, אוֹיבּ אִיהר וֶועט צוּהֶערְן צוּם קוֹל פוּן הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אוּן אִיהר וֶועט תְּשׁוּבָה טְהוּן".*

ב

**שְׁפַּאנְצִירְט מִיט אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא**

רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי הָאט גֶעוָואלְט גֶעהן מִיט אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא'ן, זֶעהן זַיינֶע מַעֲשִׂים אוֹיף דֶער וֶועלְט, הָאט עֶר מִתְפַּלֵּל גֶעוֶועזְן דַארוֹיף אֵיינִיגֶע טֶעג בִּיז זַיין תְּפִלָּה אִיז אָנְגֶענוּמֶען גֶעוָוארְן פַאר הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אוּן ס'אִיז אִיהם גֶעגֶעבְּן גֶעוָוארְן רְשׁוּת.

הָאט זִיךְ אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא בַּאלְד בַּאוִויזְן פַאר אִיהם אוּן הָאט גֶעפְרֶעגְט: "וָואס פַארְלַאנְגְסְטוּ?" הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט: "אִיךְ ווִיל גֶעהן מִיט דִיר אוּן זֶעהן דַיינֶע מַעֲשִׂים וָואס דוּ טְהוּסְט אוֹיף דֶער וֶועלְט".

* תהלים צה,ז. * סנהדרין צח.

— "דוּ קֶענְסט נִישְׁט גֶעהן מִיט מִיר" — הָאט אֵלִיָהוּ גֶעזָאגְט.

— "פַארְוָואס ?"

— "וַוייל דוּ וֶועסְט זֶעהן זַאכְן וָואס דוּ וֶועסְט נִישְׁט קֶענֶען פַארְלַיידְן".

— "פוּנְדֶעסְטְוֶועגְן וִויל אִיךְ גֶעהן מִיט דִיר".

"קוּם" — הָאט אֵלִיָהוּ גֶעזָאגְט, אוּן זֵיי זֶענֶען בֵּיידֶע גֶעגַאנְגֶען.

אוֹיף דֶער נַאכְט הָאבְּן זֵיי גֶענֶעכְטִיגְט בַּיי אֵיינֶעם אַ אָרֶעמַאן וָואס עֶר אוּן זַיין וַוייבּ הָאבְּן גָארְנִישְׁט פַארְמָאגְט נָאר אֵיין קוּה דֶער אָרֶעמַאן הָאט זֵיי גֶעגֶעבְּן עֶסְן אוּן טְרִינְקֶען אוּן עֶר הָאט זֵיי זֶעהר מְכַבֵּד גֶעוֶוען, אִין הַאלְבֶּע נַאכְט אִיז אֵלִיָהוּ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּן הָאט גֶעהַרְגֶ'עט דִי קוּה.

וֶוען רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט דָאס גֶעזֶעהן הָאט עֶר גֶעזָאגְט: "אַזוֹי זֶענֶען דִי מַעֲשִׂים פוּן אֵלִיָהוּ הַנָבִיא'ן צוּ הַרְגְ'נֶען בְּהֵמוֹת פוּן

אָרֶעמֶע לַייט, און בִּפְרַט נָאךְ פון אָט דֶעם אָרֶעמַאן וָואס הָאט אונְז גֶעגֶעבְּן עֶסְן און טְרִינְקֶען און אַזוֹי מְכַבֵּד גֶעוֶועןְ?!"

"אוֹיבּ דוּ וֶועסְט נָאךְ עֶפֶּעס פְּרֶעגְן שֵׁייד אִיךְ זִיךְ בַּאלְד פון דִיר", — הָאט אֵלִיָּהוּ צוּ אִיהם גֶעזָאגְט.

זֶענֶען זֵיי אַוֶועק פון דָארְטְן אִין אַ צְוֵוייטְן אָרְט, זֶענֶען זֵיי אָנְגֶעקוּמֶען בַּיי אֵיינֶעם אַ גְרוֹיסְן גְבִיר וָואס הָאט גֶעבּוֹיט בַּיי זִיךְ אַ בִּנְיָן, דֶער גְבִיר הָאט זִיךְ אוֹיף זֵיי גָארְנִישְׁט אוּמְגֶעקוּקְט און עֶר הָאט זֵיי נִישְׁט גֶעגֶעבְּן קֵיין עֶסְן און קֵיין טְרִינְקֶען, אִין הַאלְבֶּע נַאכְט אִיז אֵלִיָּהוּ זָכוּר לַטוֹב אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן: "שְׁטֶעה אוֹיף!" אִיז עֶר אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, הָאט אֵלִיָּהוּ גֶענוּמֶען אַ שְׁטְרִיק און הָאט גֶעזָאגט צוּ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ: "נֶעם אָן דֶעם עֶק שְׁטְרִיק".

הָאט אֵלִיָּהוּ גֶעהַאלְטְן אֵיין עֶק שְׁטְרִיק

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

און רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ דֶעם צְוֵוייטְן עֶק, און אֵלִיָהוּ הָאט אוֹיסְגֶעמָאסְטְן מִיטְן שְׁטְרִיק דִי וֶוענְט פון דֶעם בִּנְיָן און עֶר הָאט דָארְט אוֹיסְגֶעבּוֹיט אַ גְרוֹיסְן פַּאלַאץ פון הוּנְדֶערְט און אַכְצִיג הַייזֶער.

הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ זִיךְ נָאכְמֶעהר גֶעוואוּנְדֶערְט: פַארְוָואס יֶענֶער אָרֶעמַאן וָואס הָאט זֵיי אַזוֹי מְכַבֵּד גֶעוֶועז הָאט אֵלִיָהוּ גֶעהַרְגֶ׳עט זַיין אֵיינְצִיגֶע קוּה, און דֶער גְבִיר וָואס הָאט זֵיי אַפִילוּ קֵיין פְרַיינְדְלִיכְן פָּנִים נִישְׁט גֶעוִויזְן הָאט עֶר אִיהם אוֹיסְגֶעבּוֹיט אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע פַּאלַאצְן?!

זֶענֶען זֵיי פון דָארְטְן גֶעגַאנְגֶען אִין אַ דְרִיטְן אָרְט, דִי מֶענְטְשְׁן דָארְט זֶענֶען אַלֶע גֶעוֶוען רַייכֶע לַייט, און פון זֵייעֶר גְרוֹיס גַאֲוָה הָאט זִיךְ קֵיינֶער פון זֵיי נִישְׁט אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף זֵיי און נִישְׁט גֶעגֶעבְן קֵיין עֶסְן און קֵיין טְרִינְקֶען.

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

אִינְדֶערְפְרִי אִיז אֵלִיָהוּ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: "הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא זָאל מַאכְן אַז אִיהר זָאלְט אַלֶע וֶוערְן עֶלְטְסְטֶע!"

פוּן דָארְט זֶענֶען זֵיי גֶעגַאנְגֶען אִין אַ פֶּערְטְן אָרְט, וֶועןן דִי מֶענְטְשְׁן דָארְט הָאבְּן זֵיי דֶערְזֶעהן הָאבְּן זֵיי זֵיי שֶׁעהן אוֹיפְגֶענוּמֶען, הָאבְּן זֵיי גֶעגֶעבְּן צוּ עֶסְן אוּן צוּ טְרִינְקֶען אוּן הָאבְּן זֵיי שְׁטַארְק מְכַבֵּד גֶעוֶוען, טְרָאץ וָואס זֵיי זֶענֶען גֶעוֶוען זֶעהר אָרֶעם אוּן גֶעלֶעבְּט אִין גְרוֹיס נוֹיט.

אִינְדֶערְפְרִי אִיז אֵלִיָהוּ אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען און הָאט צוּ זֵיי גֶעזָאגְט: "הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא זָאל אַייךְ גֶעבְּן נִישְׁט מֶעהר וִוי אֵיין עֶלְטְסְטְן!"

הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט צוּ אֵלִיָהוּ'ן: "אִיךְ קֶען שׁוֹין מֶעהר נִישְׁט פַארְטְרָאגְן דַיינֶע אוּמְפַארְשְׁטֶענְדְלִיכֶע מַעֲשִׂים, גִיבּ זֵיי מִיר צוּ פַארְשְׁטֶעהן".

"אויב איך וועל זיי דיר געבן צו פארשטעהן וועל איך זיך באלד שיידן פון דיר" — האט אליהו געענטפערט.

"פונדעסטוועגן, — האט רבי יהושע געזאגט — וויל איך אז דו זאלסט מיר ערקלערן דיינע מעשים, פארוואס האסטו גע'הרג'עט די קוה פון יענעם ארעמאן וואס האט מיט אונז געטהון חסד?"

"ווייל אין די נאכט — האט אליהו געענטפערט — האט זיין ווייב געדארפט שטארבן, און זי איז געשעצט ביי איהם מעהר ווי טויזנטער גאלדנע דנרים, האב איך דעריבער גע'הרג'עט זיין קוה אלס כפרה פאר איהר — נפש תחת נפש".

"און פארוואס האסטו אויסגעבויט אט דעם גאנצן גרויסן בנין פאר יענעם קארגן גביר וואס האט מיט אונז נישט געטהון קיין חסד?" — האט רבי יהושע ווייטער געפרעגט.

"ווייל ווען ער וואלט אליין געבויט דעם בנין — האט אליהו געענטפערט — איז ווען ער גראבט נאך צוויי איילן אונטער אט די שטוב וואלט ער געפונען א גרויסן אוצר וואס ליגט דארט באהאלטן, האב איך איהם דעריבער דאס אלעס אויסגעבויט, און מיין בנין וועט זיך נישט האלטן ווייל עס איז מעשה נסים, וועט דאס מיטאמאל אלעס איינפאלן, און דעם אוצר וועט ער קיינמאל נישט געפינען".

"און יענע רייכע לייט וואס האבן אונז נישט מכבד געווען — האט רבי יהושע געפרעגט — פארוואס האסטו זיי געבענטשט אז זיי זאלן אלע ווערן עלטסטע?"

"דאס איז נישט קיין ברכה נאר א קללה — האט איהם אליהו געענטפערט — ווייל אזוי זאגט דער משל: א שיף וואס האט א סאך אנפירער וועט זיך ענדליך

בדרכי אבותינו

דערטרינקען ווייל דער שלעפט עס אהער און דער ציט עס אהין און עס מוז געהן צו גרונד, אזוי אויך איז מיט א ארט וואס אלע דארט זענען עלטסטע און מנהיגים, איז דער ציט צו זיין ריכטונג און דער פירט נאך זיין מיינונג און אלעס דארט ווערט צושפליטערט און ס׳קומט צו א פולשטענדיגן חורבן.

דאגעגן אבער איז מיט א ארט וואס האט נאר איין עלטסטן און מנהיג און אלעס פירט זיך אין איין ריכטונג און לויט איין מיינונג, איז דער ישוב דארט א גאנצער און מיט א געבענטשטן קיום, האב איך דעריבער יענע ארעמע לייט וואס האבן אונז מכבד געווען, געבענטשט אז זיי זאלן האבן נישט מעהר ווי איין עלטסטן.

זיי־זשע וויסן אלזא, אז ווען דו זעהסט א רשע וואס ער איז מצליח איז דאס נישט פאר זיין טובה, און ווען דו

וֶעהסְט אַ עֶרְלִיכְן מֶענְטְשְׁן וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין צָרוֹת און נוֹיט אִיז עֶס נִישְׁט פַאר זַיין רָעָה נָאר עֶס אִיז אַ כַּפָּרָה אוֹיף זַיינֶע זִינְד.

און וֶוען דו בִּיסְט זוֹכֶה צוּ הָאבְּן גֶעלְט זָאלְסְטוּ טְהוּן דֶערְמִיט צְדָקָה כָּל זְמַן עֶס אִיז נָאךְ אִין דַיין הַאנְט, וַוייל דָאס הָאט פְלִיגְלֶען און סְ׳קֶען זִיךְ מִטְאַמָאל אוֹיפְהוֹיבְּן און אַוֶועקְפְלִיעֶן פון דִיר.

זָאלְסְטוּ דֶערִיבֶּער שְׁטֶענְדִיג הַאלְטְן אָפְן דַיין הַאנְט אוֹיף צְדָקָה און חֶסֶד וַוייל דָאס וֶועט דִיר בַּיישְׁטֶעהְן אִין יֶעדֶער נוֹיט און סְ׳וֶועט דִיר גֶעבְּן בְּרָכָה און הַצְלָחָה!״*

ג

**לֶעבֶּעדִיג אִין גַן־עֵדֶן**

וֶוען סְ׳אִיז גֶעקוּמֶען דִי צַייט פון רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי׳ן נִסְתַּלֵק צוּ וֶוערְן פון דֶער וֶועלְט, הָאט מֶען אִין הִימְל גֶעזָאגְט צוּ דֶעם מַלְאַךְ הַמָוֶת: ״גֶעה טְהוּ זַיין רָצוֹן״, אִיז דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת

* ירושלמי תענית פ״ג.

גֶעקוּמֶען און הָאט זִיךְ גֶעוִויזְן צוּ רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן, הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: "פִיר מִיר צוּם גַן עֵדֶן און וַוייז מִיר מַיין אָרְט דָארְט".

הָאט עֶר אִיהם גֶעזָאגְט: "גוּט", הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ צוּ אִיהם ווִידֶער גֶעזָאגְט: "גִיבּ מִיר דַיין מֶעסֶער, ווַייל טָאמֶער וֶועסְטוּ מִיר דֶערמִיט אִיבֶּערְשְׁרֶעקְן אִין וֶועג", הָאט עֶר עֶס אִיהם גֶעגֶעבְּן.

וֶוען זֵיי זֶענֶען דָארְט אָנְגֶעקוּמֶען הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת אוֹיפְגֶעהוֹיבְּן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן אִיבֶּער דִי מוֹיעֶרְן פוּן גַן עֵדֶן כְּדֵי צוּ וַוייזְן אִיהם זַיין אָרְט דָארְט.

אִיז רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בַּאלְד אַרִיבֶּער־גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיפְן צְוֵייטְן זַייט אִינְוֶועהנִיג הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת אִיהם אָנְגֶעכַאפְּט בַּיים רַאנְג פוּן זַיין בֶּגֶד אִיהם אַרוֹיסְצוּשְׁלֶעפְּן צוּרִיק, הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעזָאגְט: "אִיךְ שְׁוֶוער אַז אִיךְ קוּם נִישְׁט

צוּריק!״ הָאט מֶען אין בֵּית דין שֶׁל מַעְלָה גֶעזָאגְט: ״אוֹיב עֶר הָאט אַמָאל גֶעשְׁוָוארְן אין זַיין לֶעבְּן און עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹאֵל גֶעוֶוען אוֹיף זַיין שְׁבוּעָה און סְ׳איז מוּתָּר גֶעוָוארְן, וֶועט מֶען אִיהם אוֹיךְ אִיצְט מַתִּיר זַיין די שְׁבוּעָה און עֶר וֶועט מוּזְן צוּריקְגֶעהן, אָבֶּער אוֹיב נִישְׁט, וֶועט די שְׁבוּעָה נִישְׁט מוּתָּר וֶוערְן און עֶר וֶועט נִישְׁט צוּרִיקְגֶעהן״.

און אַזוֹי ווִי רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ ווִירְקְלִיךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט שׁוֹאֵל גֶעוֶוען אוֹיף קֵיין שְׁבוּעָה, אִיז עֶר גֶעבְּלִיבְּן לֶעבֶּעדִיגֶערְהֵייט אין גַן עֵדֶן, און דֶער מֶעסֶער פון מַלְאַךְ הַמָוֶת אִין זַיין הַאנְט.

הָאט דֶער מַלְאַךְ הַמָוֶת צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: ״גִיבּ מִיר אָפּ מַיין מֶעסֶער״, הָאט רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ נִישְׁט גֶעוָואלְט אָפְּגֶעבְּן, אִיז אַרוֹיס אַ בַּת קוֹל און הָאט צוּ אִיהם גֶעזָאגְט: ״גִיבּ עֶס אִיהם אָפּ, וַוייל עֶר דַארְף

דָאס פַאר די בַּאשֶׁעפֶענִישְׁן פוּן דֶער וֶועלְט!"

אֵלִיָהוּ הַנָבִיא הָאט אוֹיסְגֶערוּפְן פַאר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ'ן אִין גַן עֵדֶן: "מַאכְט אַ אָרְט פַאר בַּר לִיוָאי'ן, מַאכְט אַ אָרְט פַאר בַּר לִיוָאי'ן!" אִיז רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ גֶעגַאנְגֶען אוּן הָאט גֶעטְרָאפְן רַבִּי שִׁמְעוֹן בֶּן יוֹחַאי'ן וִוי עֶר זִיצְט אוֹיף דְרַייצֶעהן שְׁטוּלְן פוּן גִינְגָאלְד.

הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם גֶעפְרֶעגְט: "דוּ בִּיסְט עֶס בַּר לִיוָאי וָואס מְ'רוּפְט אַזוֹי אוֹיס פַאר דִיר?" הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט: "יָא" הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם גֶעפְרֶעגְט: "דֶער רֶעגְנְבּוֹיגְן הָאט זִיךְ גֶעוִויזְן אִין דַיין צַיְט?" הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט: "יָא", הָאט רַבִּי שִׁמְעוֹן אִיהם גֶעזָאגְט: "אוֹיבּ אַזוֹי בִּיסְטוּ נִישְׁט בַּר לִיוָאי" (ד.ה. בִּיסְט נִישְׁט וֶוערְד דֶעם אוֹיסְרוּף פַאר דִיר, וַוייל דֶער רֶעגְנְבּוֹיגְן אִיז אַ צֵייכְן אַז די וֶועלְט זָאל

## בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

נִישְׁט חָרֵב וֶוערְן אִין אַ מַבּוּל אָבֶּער וֶוען ס'אִיז דָא אַ צַדִיק גָמוּר שִׁיצְט עֶר אוֹיף זַיין דוֹר און ס'וַוייזְט זִיךְ נִישְׁט דֶער רֶעגְנְבּוֹיגְן).

אִין אֶמֶת'ן אָבֶּער הָאט זִיךְ ווִירְקְלִיךְ נִישְׁט גֶעווִיזְן קֵיין רֶעגְנְבּוֹיגְן אִין רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי'ס צַייט, נָאר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעוָואלְט גְרוֹיסְן דֶערְמִיט*

* כתובות עז:

אִין דִי וֶועגְן פוּן אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן

## רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן נַפְּחָא:

רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן נַפְּחָא (ד׳ אלפים ט״ו) דער הויפּט פון די אָמוֹרָאִים פון צְוֵוייטְן דוֹר אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אִיז גֶעוֶוען אַ יָתוֹם פון זַיין פָאטֶער און מוּטֶער פון גֶעבוּרְט. זַיין פָאטֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן פַאר עֶר אִיז נָאך גֶעבָּארְן, און זַיין מוּטֶער אִיז בַּיי זַיין גֶעבוּרְט גֶעשְׁטָארְבְּן. (קדושין ל״א). עֶר אִיז אוֹיפְגֶעהָאדֶעוֶועט גֶעוָוארְן בַּיי זַיין זֵיידְן.

רַבִּי יוֹחָנָן הָאט נָאך זוֹכֶה גֶעוֶועןן אַלְץ קִינְד צוּ לֶערְנֶען אִין די יְשִׁיבָה פון רַבִּי יְהוּדָה הַנָשִׂיא אִין צִפּוֹרִי. עֶר פְלֶעגְט דֶערְצֶעלְן, אַז עֶר אִיז גֶעזֶעצְן זִיבֶּעצְן שׁוּרוֹת אוּנְטֶער דֶעם אָמוֹרָא רַב, און עֶר הָאט גֶעהֶערְט די וִכּוּחִים אִין תּוֹרָה צְוִוישְׁן רַב און רַבִּי, אָבֶּער עֶר הָאט גָארְנִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען, צוּלִיבּ זַיין יוּנְגְקַייט. (חולין ק״ז)

די צָרוֹת און לַיידוּנְגֶען וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט קִינְדְוַוייז הָאט אִים אוֹיך שְׁפֶּעטֶער נִישְׁט נָאכְגֶעלָאזְט. צֶען קִינְדֶער וָואס עֶר הָאט גֶעהַאט זֶענֶען אַלֶע גֶעשְׁטָארְבְּן בַּיי זַיין לֶעבְּן. דָאס אַלֶעס הָאט אִים נִישְׁט גֶעשְׁטֶערְט צוּ לֶערְנֶען און צוּ פַארְשְׁפְּרֵייטְן תּוֹרָה. נָאר אַדְרַבָּא עֶר הָאט בַּאהַאלְטְן אַ קְלֵיין בֵּיין פון זַיין קְלֶענְסְטן זוּן וֶועלְכֶער אִיז אַרַיינְגֶעפַאלְן אִין אַ קָאכֶעדִיגְן טָאפּ און אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן, און הָאט גֶעטְרֵייסְט מִיט דֶעם אַנְדֶערֶע מֶענְטְשְׁן, זָאגְנְדִיג: קוּקְט מַיינֶע אִיז שְׁוֶוערֶער פון אַייעֶרֶע. (ברכות ה׳)

אַ גְרוֹיסֶער חֵלֶק פון ״תַּלְמוּד בַּבְלִי״ און ״תַּלְמוּד יְרוּשַׁלְמִי״ אִיז פון זַיינֶע רֵייד אִין יֶעדְן פְּלַאץ וואוּ עֶס וֶוערְט דֶערְמָאנְט רַבִּי יוֹחָנָן סְתַּם אָן קַיין צוּנָאמֶען, מֵיינְט דָאס רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן נַפְּחָא.

חַזַ"ל דֶערְצֵיילְן פִיל וֶועגְן זַיין וואוּנְדֶערְלִיךְ שֵׁיין גֶעשְׁטַאלְט. (בבא מציעא פד.)

מֶערְסְטְנְ'ס פוּן זַיין תּוֹרָה הָאט עֶר גֶעלֶערְנְט פוּן זַיינֶע רַבִּי'ס: רַבִּי חֲנִינָא בַּר חָמָא, רַבִּי אוֹשַׁיעְיָא, אוּן רַבִּי יַנַאי. אִין סוֹף פוּן זַיינֶע טֶעג, וֶוען שְׁמוּאֵל אִיז נִפְטָר גֶעוָוארְן אִין בָּבֶל אִיז עֶר גֶעוָוארְן דֶער "רֹאשׁ גוֹלַת יִשְׂרָאֵל" פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אוּן פוּן בָּבֶל.

רַבִּי יוֹחָנָן אִיז נִפְטָר גֶעוָוארן אִין יָאר ד' אלפים ל"ט.

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

# רַבִּי יוֹחָנָן בַּר נַפְּחָא

## א

אַ צַדִיק פַארְן גֶעבָארְן

רַבִּי יוֹחָנָן אִיז גֶעוֶוען פוּן דִי גְרֶעסְטֶע אֲמוֹרָאִים (אַזוֹי הָאט מֶען גֶערוּפְן דִי חֲכָמִים וָואס זֶענֶען גֶעוֶוען בַּאלְד נָאךְ דִי דוֹרוֹת פוּן דִי תַּנָּאִים) אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, אוּן עֶר הָאט פִיל תַּלְמִידִים אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט.

נָאךְ וֶוען עֶר אִיז גֶעוֶוען אִין בּוֹיךְ פוּן זַיין מַאמֶען אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען צוּ דֶערְקֶענֶען אַז ס'וֶועט גֶעבָארְן אַ אָדָם גָדוֹל.

דָאס אִיז גֶעוֶוען אִין טָאג פוּן יוֹם כִּפּוּר, זַיין מוּטֶער וָואס הָאט מִיט אִיהם גֶעשְׁוַואנְגֶערְט, הָאט דֶערְשְׁמֶעקְט דֶעם רֵיחַ פוּן אַ גוּטְן עֶסְן אוּן ס'הָאט אִיהר גֶענוּמֶען זֶעהר חַלְשְׁ'ן דָאס הַארְץ.

בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

איז מען געקומען צו רבי׳ן (רבי יהודה הנשיא) פרעגן וואס מ׳זאל טהון, האט רבי געזאגט צו זיי "געהט און רוימט איהר אריין אין אויער אז היינט איז יום כפור", האט מען אזוי געטהון, און ס׳האט די מוטער באלד אויפגעהערט חלש׳ן דאס הארץ.*

האט רבי געלעינט אויפן קינד דעם פסוק* "בטרם אצרך בבטן ידעתיך".*

ב

עולם הזה קעגן עולם הבא

רבי יוחנן איז אמאל געגאנגען פון טבריה קיין צפורי און ער איז געווען אנגעשפארט אויף זיין תלמיד רבי חייא בר אבא.

זענען זיי אנגעקומען פאר א באוואקסענעם פעלד פון תבואה, האט רבי יוחנן געזאגט צו רבי חייא׳ן: "דו זעהסט אט דעם פעלד? דאס איז געווען מיינער

* יומא פב: * ירמיה א,ה.

און אִיךְ הָאבּ עֶס פַארְקוֹיפְט כְּדֵי צוּ קֶענֶען גֶעהן לֶערְנֶען תּוֹרָה".

דֶערְנָאךְ זֶענֶען זֵיי אָנְגֶעקוּמֶען פַאר אַ טְרוֹיבְּן גָארְטְן, הָאט רַבִּי יוֹחָנָן ווִידֶער גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי חִיָּיא'ן: "אָט דֶער טְרוֹיבְּן־גָארְטְן אִיז אוֹיךְ גֶעוֶוען מַיינֶער, און אִיךְ הָאבּ עֶס פַארְקוֹיפְט כְּדֵי צוּ קֶענֶען גֶעהן לֶערְנֶען תּוֹרָה".

דַאן זֶענֶען זֵיי אָנְגֶעקוּמֶען פַאר אַ אֵיילְבִּירְטְן־גָארְטְן, און רַבִּי יוֹחָנָן הָאט ווִידֶער גֶעזָאגְט צוּ רַבִּי חִיָּיא'ן: "אוֹיךְ אָט דֶער אֵיילְבִּירְטְן־גָארְטְן אִיז גֶעוֶוען מַיינֶער, און אִיךְ הָאבּ עֶס פַארְקוֹיפְט כְּדֵי צוּ קֶענֶען גֶעהן לֶערְנֶען תּוֹרָה".

הָאט רַבִּי חִיָּיא אָנְגֶעהוֹיבְּן וֵויינֶען, הָאט אִיהם רַבִּי יוֹחָנָן גֶעפְרֶעגְט: "פַארְוָואס וֵויינְסְטוּ?" הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט: "וַוייל דוּ הָאסְט זִיךְ גָארְנִישְׁט אִיבֶּערְגֶעלָאזְן אוֹיף דֶער עֶלְטֶער".

„אִיז עֶס גְרִינְג אִין דַיינֶע אוֹיגְן וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן? — הָאט אִיהם רַבִּי יוֹחָנָן גֶעזָאגְט — אִיךְ הָאבּ דָאךְ פַארְקוֹיפְט אַ זַאךְ וָואס אִיז בַּאשַׁאפְן גֶעוָוארְן אִין זֶעקְס טֶעג (דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אִין זֶעקְס טֶעג בַּאשַׁאפְן גֶעוָוארְן) אוּן הָאבּ גֶעקוֹיפְט אַ זַאךְ וָואס אִיז גֶעגֶעבְן גֶעוָוארְן אִין פֶערְצִיג טֶעג!" (מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אִיז גֶעוֶוען פֶערְצִיג טֶעג אוֹיפְן בַּארְג סִינַי בִּיז עֶר הָאט בַּאקוּמֶען דִי תּוֹרָה).*

ג

**תּוֹרָה דִי בֶּעסְטֶע סְחוֹרָה**

רַבִּי יוֹחָנָן אוּן אִילְפָּא (אוֹיךְ פוּן דִי גְרוֹיסֶע אֲמוֹרָאִים) זֶענֶען גֶעזֶעסְן אוּן גֶעלֶערְנְט תּוֹרָה אִין גְרוֹיס אָרֶעמְקַייט אוּן נוֹיט.

הָאבְּן זֵיי גֶעזָאגְט אֵיינֶער צוּם צְוֵוייטְן: „לָאמִיר אַרוֹיסְגֶעהן הַאנְדְלֶען אוּן נִישְׁט זַיין

* ויקרא רבה, ל,א.

אַזוֹי פַאראָרֶעמְט", זֶענֶען זֵיי גֶעגַאנְגֶען מַאכְן אַ מִסְחָר.

אוֹיפְן וֶועג הָאבְּן זֵיי זִיךְ גֶעזֶעצְט עֶסְן אוּנְטֶער אַ וַואנְט וָואס הָאט גֶעהַאלְטְן בַּיים אַיינְפַאלְן זֶענֶען גֶעקוּמֶען צְוֵויי מַלְאָכִים פוּן הִימְל אוּן אֵיינֶער הָאט גֶעזָאגְט צוּם צְוֵוייטְן: "לָאמִיר אוּמְוַוארְפְן דִי וַואנְט אוֹיף זֵיי אוּן זֵיי טוֹיטְן, וָוארוּם זֵיי לָאזְן אִיבֶּער דֶעם לֶעבְּן פוּן עוֹלָם הַבָּא (דָאס מֵיינְט תּוֹרָה) אוּן גֶעהן זִיךְ פַארְנֶעמֶען מִיטְן לֶעבְּן פוּן עוֹלָם הַזֶה!".

הָאט דֶער צְוֵוייטֶער אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט: "לָאז זֵיי אָפּ וַוייל עֶס אִיז דָא אֵיינֶער צְוִוישְׁן זֵיי וָואס זַיין צַייט דַארְף נָאךְ קוּמֶען צוּ וֶוערְן גְרוֹיס".

הָאט דָאס רַבִּי יוֹחָנָן אַלֶעס גֶעהֶערְט אוּן אִילְפָּא נִישְׁט, הָאט רַבִּי יוֹחָנָן גֶעפְרֶעגְט אִילְפָּא'ן צוּ עֶר הָאט עֶפֶּעס גֶעהֶערְט, הָאט עֶר גֶעעֶנְטְפֶערְט אַז נֵיין.

# בְּדַרְכֵי אֲבוֹתֵינוּ

הָאט רַבִּי יוֹחָנָן גֶעזָאגְט צוּ זִיךְ: ״וִויבַּאלְד אַז אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעהֶערְט אוּן אִילְפָא נִישְׁט, אִיז אַ בַּאוַוייז אַז אִיךְ בִּין עֶס דֶער וָואס זַיין צַייט דַארְף קוּמֶען גְרוֹיס צוּ וֶוערְן״.

הָאט עֶר זִיךְ גֶעשֵׁיידְט פוּן אִילְפָא׳ן אוּן עֶר אִיז צוּרִיקְגֶעגַאנְגֶען לֶערְנֶען בִּיז מְ׳הָאט אִיהם עֶנְדְלִיךְ אוֹיפְגֶענוּמֶען אַלְס רֹאשׁ יְשִׁיבָה, אוּן עֶר הָאט שׁוֹין מֶעהר פוּן קֵיין אָרֶעמְקַייט נִישְׁט גֶעווּאוּסְט.*

וֶוען רַבִּי יוֹחָנָן אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן הָאט מֶען גֶעלֵיינְט אוֹיף אִיהם דֶעם פָּסוּק: ״אִם יִתֵּן אִישׁ אֶת כָּל הוֹן בֵּיתוֹ בָּאַהֲבָה בּוֹז יָבוּזוּ לוֹ״* — אַז קֵיין פַארְמֶעגְן אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען צוּ שַׁאצְן אַנְטְקֶעגְן דִי לִיבְּשַׁאפְט וָואס רַבִּי יוֹחָנָן הָאט לִיבּ גֶעהַאט דִי תּוֹרָה.*

*שיר השירים ח,ז. *תענית כא.



בית העלמין הישן בטבריה. מראה כללי מצד מזרחי